מנחם שטערן

# רויזן אין האַרבסט

## לידער, דערציילונגען און מעשה'ס



ניו יאָרק, נ. י.

1989

# ROSES IN THE FALL

# ROISEN IN HARBST

**Poems & Short stories**

by

Manachem Stern

64-20 Saunders St., apt. C23

Rego Park, New York, 11374

די חשובע שרײַבער און קולטור־טוער

דר. בערל זומאָף און יוסף מלאָטעק

אַ האַרציקן דאַנק פאַר דער דערמוטיקונג און בײשטײער.

דער אײדעלער לאה אינדלעמאַן

— מיט געפילן פון דאַנקבאַרקײַט

Printed in the U.S.A.

---

EMPIRE PRESS

550 EMPIRE BLVD. • BROOKLYN, N.Y. • (718) 756-1473

FAX (718) 604-7633

# אינהאַלט


## לידער

ווי אַמאָל 3
אַז איך בין אין סאַד, פעלד און וואַלד 4
וואָלקנס, ביימער און גראָזן 5
די וואַלפיש 6
אָוונט 7
אַ פּאַרק אין האַרבסט 8
אַ פּלאַסטיש זעקל הענגט פון אַ בוים 9
דער ביים בײַ ראַנד פון באַן־וועג 10
אַ סטאַדע פּי 10
קראַנקע ריזן 11
וואַרשע, 1943 11
אַ הירשענער קאָפּ 12
אַ קינד אין גאַס 13
אפשר 14
אַז איך וועל קומען 15
אומזיסט 15
ר׳ מיכאל ווײַסמאַנדל און דער קאַרדינאַל 16
בית עולם 18
תפילה פאַרן אידישן וואָרט 19
תפילה פון אַ קיבוץ־פרוי 20
די שטרויסן 21
יגאל, ע״ה 22
גאָט, גיב אונדז 23
ווינטער — מאָרגן 24
דערמאָנונג 25
חטאנו, מר פּערעס 26
צו אַ צה״ל סאָלדאַט 27
צום פּויפּסט 28
רעווערענד דזשעקסאָן 29
צו גאָט — די ווײַס־זילבערנע וואָלקנס 30
דײַן לעצטער עשאַלאָן — אונדזערע לידער 31
צו ר׳ נחמן בראַצלאַווער 32
דער מאָרגן איז מײַאיק — גרין 33
אַרום שבת׳דיקן טיש 34
וועלטיס גערייד 36
ברידער מײַנע 37
די קליינע גרעזלעך פּרעגן 38
אַלפּישער באַרג 39
מיך רעגט 40
צו אַ מאַנוסקריפּט 41
אַ גראַניטענער שטיין — מײַן פּערטלינג שפּראַכן 43
קאַנטשערטאָ 44
בריוו — די דינער פון דײַן וואָרט 45
צו אַ פרײַנד אַן אַסטראָנאָט 46
ליד פון בלינדן מאַן — צו אַ נעגער 47
Be an American. Be a Man 48
דער פעלדז אויף דער לבנה 49
דער פעלדז אויף דער לבנה 50
אַ ליד צו אַ מאַמע שפּעט בײַנאַכט 51
דער טויטער שכן 52
ליד צום אַלף בית 53
אַ דיקטאַטער׳ס מאָנומענט 54
אַ נאַכט 55

## דערציילונגען

געזעגנונג 56
אין אַ קאַפעטיריע אויף בראָדוויי 57
פון שעדלעץ ביז קובאַ 62
אַפּעלע 67
קאַצעטניק הערשל פענסטער און דער קירכע־גלאָק 72
בערנאַרד שאַפּיראָ 77
דער גערטנער וואָס האָט געוואָלט ווערן רײַך 82
אין אַ האָטעל 86
שיפבראָך 91

## מעשה׳ס

די קינדער און דער פּיראַמיד 94
משה רבינו און דאָס קראַנקע קינד 95
צו תשליך בײַ דער ווײַסל 96
משה און זײַן וואונדער שטאָק 100
יאַנקעלע און דער גולם 101
דער סנה 106
די צעבראָכענע לוחות 107
דעם מלך דוד׳ס האַרפע 108
משה און די טויב 110
משה און דער וואַראַבייטשיק 112
קעניג שלמה און די טויב 113
דער ווינט — אַ פריינד פון אידן 114
הערשעלע׳ס חלום 115
די רעדער 117
דאָס טײַכל און די אָזשערע 119
אַ בלאַט אויף אַ בוים 120
די פּאַפּירענע שלאַנג 122
דער טײַך און די דאַמבעס 124
די פיש און דער רעגנבויגן 125

# לידער

## ווי אַמאָל

ווי אַמאָל אין די קינדער־יאָרן, —
מיט וואונדער אין די אויגן
שטיי איך פאַר אַ הויז וואו מ'שפּילט שאָפּען,
ווי אויפן ברעג פון אַ בלוי טײַכל
וואָס שטראָמט אַרויס
פון אַ האַרבסטיק־גאָלדענעם וואַלד.

ווי אַמאָל אין די קינדער־יאָרן
שטיי איך פאַרגאַפּט פאַר דער זוניקער שויב,
בעת דײַן גאָב — דאָס ערשטע ליד
האָט אויף מיר גענידערט
ווי טוי אויף אַ זומערדיקן סאָד.



# אַז איך בין אין סאָד, פּעלד און וואַלד

אַז איך בין אין סאָד, פּעלד און וואַלד
רעדן צו מיר דיביימער און קוסטעס
גלײַך איך וואָלט געווען זייערס אַ ברודער,
אַ טיף־וואָרצלדיקער, פֿאַר׳חלומטער בוים
מיט צעוויגטע צווײַגן און זינגענדיקע בלעטער,
און אין שטערן־געצונדענע נעכט
און סודות׳דיקײַט פֿון הימל־רוים.

איר מעגט לאַכן פֿון אַ דיכטער
אין מײַנע עלטערע יאָרן
וואָס קומט אַהער פֿון אַ רעשיקער, שטייניקער שטאָט
זיך צוהערן צו ביימער און קוסטעס שפּראַך,
צום האַרבסטיקן, ווינטיקן בלעטער־פֿאַל
און צום צער׳פֿולן אָפּרייס־רויש
פֿון גרויע באַרן און גילדענע עפּל
וואָס פֿאַלן מיט מעלאַנכאָלישן סטוק
אויף ווייכן, טרויריקן גראָז.
אַ גאָר־זעלטן הער איך אין ווינט
דעם סאָדס קינדיש־פֿריילעכן לאַך . . .



# וואַלקנס, ביימער און גראָזן

ווײַסע, איידל־געפורעמטע וואָלקנס
ווי געטעסעט דורך אַ קינסטלערישע האַנט,
שוועבן איבערן בלויען הימל
ווי זילבערנע קארעטעס אין אַ רײַך לאַנד.
נאָר רגע׳ס שפּעטער, ווי אין בייזן פּראָטעסט,
יאָוועט זיך אויף הימל׳ס צפון׳דיקן ראַנד
באַגלייט מיט ווינט׳ס וואָיענדיקן טאָן
אַ טונקל־גרויער עשאַלאָן
פון פּאַוואָליע־קריכנדיקע כמאַרעס
ווי אידישע וועגענער געלאָדענע מיט סחורה
אויף פּויליש־זאַמדיקן וועג
צו אַ קליין־שטעטלדיקן יאַריד . . .

אָבער אויף זון־געבאַקטער ערד, —
ביימער, קוסטעס און גראָזן
אין הייסן ווינט פאַרנייגן זיך אין אַ געבעט
ווי בעטלערס אין פראָנט פון אַ געבעט־הויז
און טענה׳ן מיט מידע, הייזעריקע שטימעס:
„ווי דורשטיקע קי האָט איר — וואָלקנס —
זיך אָנגעטרינקען מיט די וואַסערן פון טײַך
און איר זײַט געוואָרן פול און רײַך
מיט אָן אַ שיער זילבערנע, קילע
טראָפּנס וואַסער — מילי, מיליאָסן . . .
זעט ווי דאַר און ברוין מיט זײַנען
פון דער הייסער זון!
האָט רחמנות און לאָזט פאַלן
אַ שטאַרקן גאָס רעגן
פון לאַכנדיקע קילע טראָפּנס וואַסער
אויף סעדער, פעלדער, גערטנער
און אַלערליי גרינסן מאָסן.



נישט פאַרלירט קיין צײַט,
אײַלט וואָס גיכער!
לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן פון וויכער
וואָס וויל אײַך אָוועקנעמען ערגעץ ווײַט...
און שיקט אַראָפּ אַ רעגן!
אוי אַ רעגן!... געוואָלט אַ רעגן!..."



## די וואַלפיש

די וואַלפיש פאַרלאָזן זייער אַלטע היים, —
די אומענדלעכע וואַסערן פון אָקעאַן,
און קומען שטאַרבן בײַ אונזער שטילן ים־ברעג,
ווי זיי וואָלטן אין תהומיקער טיף
געאַנט דעם סוף פון זייער לעבנס־וועג.

זיי שווימען אָן מיד, מיט גרויען טרויער אין די אויגן
פון צעטאָפּיעטע אײַזבערג און זון,
און דערנענטערן זיך צום ברעג פון זאַמד און שטיין,
געפינען אייביקע רו פאַרן אומרואיקן געביין.

ווי האַלב־פאַרזונקענע אַוויאַנען איצט זיי ליגן
מיט פאַרנדיקע, טונקל־ברוינע רוקנס,
און גרויסע, שטאָלצע רודערס
קעגן זומערדיק־הייסן ניו־יאָרקער הימל,
און פון פלאַכע, מוטנע וואַסערן
לאָזן זיי זיך פאַרוויגן.

אָ, סאַראַ בלינדער כּוח טרײַבט די ריזן
פון זייער אָקעאַנישער היים
וואָס איז געהילט מיט קלאָרן, בלויען רוים,
צו ברעגס פעלזן און זאַמדיקן זוים,
וואָס ווערט געטראָטן ווי אַ הויף־סטעזשקע
דורך אומצאָליקע מענטשלעכע פיס.

# אָוונט

אין דער ווינטיקער שעה פון שקיעה
קומען אָן וואָלקנס פון ווײַטע וועגן
ווי מאַטראָזן פון סכּנה׳דיקע ים־רײַזעס
און לייגן זיך אויס אַרום דער רויט־גליאיקער זון
מיט אַ באַגער נאָך אָוונטיקער שטילקײַט און רו.
אין דאָרף קלינגען גלאָקן. דערשראָקענע הינט בילן.
פענסטער פון כאַטעס לויפן אָפּ מיט רויטן ליכט.
אויף פריש־געשניטענע פעלדער בערגלעך ווייץ ליגן.
טרײַע, שיצנדיקע ביימלעך און קוסטעס
אַרום די פעלדער, —
מיט שאַרף־נאָדלדיקע צווײַגן וויגן.
ווי אַ פויער פון פעלד דער אָוונט קומט אָן
מיט זומערדיק־זיסע ריחות
פון עפּל, האָניק און מאָן. —



# אַ פּאַרק אין האַרבסט

ווי הויכע, דינע בייזעמער
מיט די ריטלעך אין רוים,
וויגן זיך בלעטערלאָזעביימער
אויפן באַרג.
דער ווינט יאָגט אײַליק,
און די הויכע, דינע שטאַמען
קערן מיט די נאַקעטע צווײַגן
די גרויע, סומנע הימל־פעלדער
וואָס הענגען איבערן פּאַרק.

אין אָוונט, ווי נאָר ס׳ווײַזן זיך די שטערן,
שרײַט און צאָרנט דער ווינט,
און די צווײַגן און ריטלעך
זיך וויגן געשווינד,
נאָר איצט פאַרקערן זיי די שטערן
וואָס ליגן אויפן הימל־פלאַך, —
שוואַכע, בלאַסע,
ווי קרישקעס אַ מאַסע
נאָך אַ רײַכע סעודה
צעזייט איבער אַ פּאַלאַץ־דיל...

ערשט מיטן אָנקום פון חצות
ווערט דער ווינט שטיל,
און ער שלאָפט אײַן
אין נאַכט׳ס פרײַרנדיקע אָרעמס. —



# אַ פּלאַסטיש זעקל הענגט פון אַ בוים

אַ פּלאַסטיש זעקל הענגט פון אַ בוים
וויגט זיך אין אײַז־קאַלטן ווינט
און שרײַט מיט אַ ציטערנדיקע שטים:
„לאָז אָפּ, געשווינד!
דער ווינט האָט מיך פאַרשלעפּט
פון אַ מאַרק׳ס שטעל,
געזאָלט מיך אַרויפברענגען
אויף אַ וואָלקן וואָס איז זילבער־העל,
נאָר שטאָט פליען מיט מיר הויך אין רוים,
האָט ער מיך פאַרטראָגן
אויף אַ שטעכיקן צווײַג
פון אַ נאַקעטן, פּראָסטיקן בוים״...

„נאַרעלע, נאַר״, לאַכט דער בוים און זאָגט:
„שטאָט חלומען פון זילבערנעם וואָלקן אין די הייכן
אַ חלום קענסט קיינמאָל נישט דערגרייכן,
איז נישט וויכטיקער צו טראַכטן
פון פרילינג׳ס וואַרמען זון־ליכט,
איידל־ווײַסן בליעכץ אויף צווײַגן
און זומער׳ס זײַד־ווייכע בלעטער און גילדענע עפּל
מיט וועלכע גאָט באַשענקט אונדז עפּל־ביימער
פאַר די אײַז־קאַלטע נעכט
און שנייאיקע טעג פון ווינטער?
און כאָטש ביסט נישט פון אונדזער סאָרט,
דאָך קענסט געניסן פון מײַן שיינקײַט און רו
אויב וועסט באַשליסן אַז דאָ איז דײַן אָרט״. —



## דער בוים בײַם ראַנד פון באַן־וועג

דער בוים בײַם ראַנד פון באַן־וועג
פאַרנייגט זיך צוויי מאָל.
צום ווינט אין פעלד
און צום געזאַנג פון רעדער־שטאָל.

נאָר אין שפּעט־אָוונטיקן גלי,
ווען דאָס נאָענטע וועלדל שטייט אין פײַערדיקן בלי,
און די טונקל־בלויע רעלסן
ציִען צו ווײַטע איינזאַמע סטאַציעס
וואו לאָקאָמאָטיוון סאָפּען אויס די מידקײַט
און היץ פון זומער־טאָג, —
סומנע־פאַרטראַכט שטייט דער בוים
אין אַרומנעם פון שפּעט־אָוונטיקן רוים.



## אַ סטאַדע פּי

איבער אָוונטיקער פּריירי וואַנדערט אַ סטאַדע פּי.
זיי פאַררײַסן גרויסע, אומרואיקע אויגן
צום הימל־ראַנד
וואָס אין שקיעה׳דיקן גלי.
און אפשר זיי גאַפן מיט וואונדער און פּחד
אויף די ווייס־זילבערנע וואָלקנס
וואָס טראָגן זיך איבער הימלישן פליין
צו דער בלוטיק־רויטער זון
צו וועלכער זיי אַליין טועך גיין?

אַרום שקיעה׳דיקער זון זאַמלען זיך וואָלקנס
ווי רויטע גלאָוועס אַרום אַ פײַער.
און די גרויסע, אומרואיקע אויגן
פון די וואַנדערנדיקע פּי
צינדן זיך אָן מיט פונקען
ווי פון אַ ברענענדיקן שײַער.

## קראַנקע ריזן

מיר זײַנען קראַנקע ריזן.
געשיכטעס דינער באָדן זיך קרישלט
אונטערן גאַנג פון אונזערע טריט.
אונזער בלוט רוישט מיט קראַנקן פולס
פון פאַטאַלע געשעענישן
און מישט זיך נישט מיט לוזשע־רויִקן בלוט
פון ליליפוטן־פעלקער.

נאָר אין זעלטענע רגעס,
ווי אין העל־זומערדיקע טעג
טונקעלע,פּאַראורטײלטע העלפאַנטן אין אַ פּרייריִ־טײַך,
געניסן מיר פון זון־ליכט און פרייד.



## וואַרשע, 1943

נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרקויפט
אַ ייִדיש קינד צו די ס. ס.
פאַר אַ פלאַש בראָנפן,
אַ פונט צוקער אָדער זאַלץ,
מיט פרומע טריט
זײַנען זיי אַוועק אין דער קאַטעדראַלע
מאָדלען זיך און זינגען האָסאַנאַס
פאַרן סומנעם געזיכט פון נצרת־ייִד...
און ווי גיך זיי האָבן זיך אָפּגעפרישט
אין גרויען מאָדליטווע־גאָס
און אין דער קאָלירפולער פאַליע פון ליטורגישער מוזיק,
האָבן זיי אויפסנײַ זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַס
ראַבירן און שענדן מיט פויליש־קאַטוילישן האַס.



# אָ הירשענער קאָפּ

אָ הירשענער, טראַגישער קאָפּ וואָס אויף שענקוואַנט,
מיט שטאָלצן, וואַלדיקן הערנער־געפּלעכט,
ווי ברוין־קאָריקע צווײַגן . . .
וויפל רעגן־טראָפּנס האָבן אַמאָל,
אין גרינעם, זומערדיקן טאָל,
געוואַשן דײַנע ווייכע האָר?
וויפל ווינטן האָבן דיך צאַרט געגלעט,
און געוואָרנט וועגן מאַן מיט דער ביקס,
און דעם הונטס שנײַדיקע צייָן?
אין דײַנע גלאָזיקע,
מיט צער אָנגעלאָפּענע אויגן,
איצט שפּיגלען זיך גלעזער ווײַן,
און ס׳גליען רויטע תּאוות פון שיכורע געסט.

אָ כ׳הער איצט אין מײַן בלוט דאָס געוויין
פון דײַן צאַרטן, קראַנקן מין,
ווי כ׳הער מײַן אייגענעם, פאַרשניטענעם שטאַם,
און כ׳שטרעק אויס צו דיר מײַנע הענט,
אין אַ געבעט נאָך פאַרגעבונג. —



# אַ קינד אין גאַס

כ׳ווייס אַז די וועלט איז פול מיט פאַראורטייל און האַס,
נאָר איצט, אַז איך גיי אויף פרילינגדיק־זוניקער גאַס
און באַגעגן אַ קינד,
טראַכט איך נישט פון זײַן שטאַמ׳ס רדיפה־זינד.
כ׳קוק אויף מענטש און וועלט
ווי דורך העלע, זוניקע שויבן.
כ׳פאַרגעס געשיכטע׳ס טונקעלן גאַנג.
שפּאַנישע אינקוויזיציע־קעלערן,
דײַטשע קרעמאַטאָריעס,
פּוילישן פּאָגראָם און פאַרטרײַב.
כ׳פאַרגעס אויך סטאַליניסטישן קנוט
אויף אונדזער וואונדיקן לײַב,
און כ׳גלעט מיט׳ן בליק קינד׳ס אומשולדיקע אויגן
וואָס לאַכן שטיפעריש קעגן דער זון,
און צערטל די סאַמעט־ווייכע האָר
ווי אַ פויגל׳ס קאָלירפולע פעדערן . . .
און איך חלום פון בוים, בלום און זאַנג,
און פון פייגל וואָס פליען אויפ׳ן פרילינג־ווינט
פון ווײַטע מקומות צוריק אין אונדזער ראַיאָן,
און פון פעלדער אויסגעצירטע מיט רויטן מאָן.



# אפשר

דער דינער, מעטאַלענער טעלעפאָן־דראָט
וואָס פירט פון מײַדאַנעק אין דער נאַכט אַרײַן,
אין אַ געהיימען דײַטשן געשיכטע־אָפּיס
וואוהין ער ברענגט גרויליקע נײַעס און מאָרד־ציפערן
צו שטילן דעם גערמאַנישן דורשט נאָך פּרעציזקײַט.
אפשר גרייכט ער אויך צו דיר — גאָט,
און דערציײַלט פון וואָך־טורעמס
און טשאַטעס ווילדע הינט
וואָס בײַסן דאָס פלייש פון קינדער,
און פון פאַרצערנדיקע פײַערן
און לאַנגע פאַסן רויך
וואָס דײַטשע קוימענס שיקן אַרויף
הויך, הויך.
צו פאַרטונקלען דײַן וואוין־אָרט — די בלויע הימלען,
און דיינע בגדים — די שניי־ווײַסע וואָלקנס
אין וועלכע הילסט זיך אײַן אין שיינע ווינטער־נעכט
ווען זעגלסט איבער די טרויעריקע מײַדאַנעק־פעלדער,
וואוין־שטיבלעך און בערגלעך ביינער.



# אַז איך וועל קומען

אַז איך וועל קומען אין מײַן פּוילישער היימשטאָט
אין אַ פרילינגדיק־העלן טאָג,
וועל איך אָנשטאָט די זון אויף באַלקאָן און גאַס
און זילבערנע עפּל־און־קאַרשן ביימער
און קוסטעס ווײַסן און בלויען בעז,
זען ווי ס׳הילט אײַן אַ פײַער די אידישע גאַס,
און כ׳וועל הערן דעם סאַדיסטישן פּאָליאַקישן לאַך
בעת מײַן מומע גאָלדע׳ס קינדער פאַלן ווי שטיינדלעך
פון אַ ברענענדיקן פענסטער צי דאַך.

אַז איך וועל קומען אין מײַן פּוילישער היימשטאָט
אין אַ האַרבסטיק־סומנעם טאָג,
וועל איך זען אינדערמיט אַש־גרויע וואָלקנס
וואָס איבערן צלם־שפּיץ פון דער קאַטעדראַלע
און דער ציגל־רויטער טאַרגאָווער האַליע
דעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן,
ווי ער זיצט און שרײַבט זײַן לעצט ליד
פון אויסגעמאָרדעטן פּוילישן איד.



## אומזיסט

אומזיסט האָבן פרילינג־ריטשקעלעך געגלעט דעם ליים,
ס׳וועט בלויער שוואַלב נישט פליען מער צו מײַן היים.
אויף אַמאָליקער אידישער גאַס צינדן זיך נישט מער
פאַרבענקטע, התלהבות׳דיקע בליקן צום אָנקום פון שבת המלכּה
מיט שטילע, ווייכע טריט ווי אויף אַ סאַמעטענעם פּאַס.
די מתפּללים זײַנען טויט, די שול — פאַרמאַכט.
אין בייזן געוואָי פון ווינט דונערט סטראַ־אַחרא׳ס געלאַך.
טרויעריק און טריב קוקן פענסטער פון אונטער דעכער.
נאָר די מורא׳דיקע קאַטעדראַלע קלינגט העכער און העכער:
„פּוילן איז באַפרײַט פון אידישן יאָך״!

# ר׳ מיכאל ווײַסמאַנדל און דער קאַרדינאַל

ר׳ מיכאל ווײַסמאַנדל — סלאָוואַקיע׳ס הויפּט רב
פאַרצוקט און צעבראָכן ער שטייט
פאַר סלאָוואַקיע׳ס מעכטיקן קאַרדינאַל
ווי פאַר אַ וואָלף אַ אומבאַשיצטע שאָף. *

„האָט רחמנות מײַן האַר אויף מײַנע שוועסטער און ברידער,
נישט דערלויבט זיי שיקן צום דײַטשן אומשלאַג־פּלאַץ״...
קלאָגט דעם רב׳ס שטים אין דער פאַיע פון שלאָס
ווי פון אַ פידל אַ טרויעריקער קלאַנגען־גאַס.

„איר לייענט פרום די פסאלמען
אונדזער קעניג־דיכטער האָט פאַרפאַסט
און איר האַלט ווי מיר פון די צען געבאָט...
טאָ פאַרוואָס פאַרברעכט איר מיט רשעות און האַס
קעגן פאָלק ישׂראל וואָס אויסדערוויילט האָט ג־ט?

וויי, בײַטאָג און בײַנאַכט איך הער
דעם רויש פון באַנען
וואָס פירן מײַנע שוועסטער און ברידער צום טויט.
נאָר נאָך העכער פון רויש פון די באַנען
הער איך דעם יאָמער פון אונדזערע קינדער:
„וואוהין פירט מען אונדז?!... וואוהין?!...
אַיעדעס קינד איז דאָך ג־ט׳ס וואונדער!
דערבאַרעמט אײַך הער קאַרדינאַל
און לאָזט נישט וואַרפן אין גערמאַנישן פײַער
אונדזערע קינדער
וואָס זײַנען אונדז אַזוי ליב און טײַער!״

דער קאַרדינאַל — בייכיק און פעט
און זײַן געזיכט האַרט ווי ברוינער שטאָל,
מיט רוצחישע אויגן קוקט אויפ׳ן ייד
און סאַדיסטיש ער לאַכט...
באַלד פאַרקרימט זיך דאָס געזיכט אין אַ גרימאַס

ווי בײַ אַ הפקר־יונג אויף אַ פּאַרשטאָט־גאַס
און ער שרײַט: „איר האָט געזינדיקט קעגן ג־ט׳ס זון,
מיט נעגל דורכגעשטאָכן זײַן פלייש און געביין,
דערפאַר וועט איר לײַדן, אייביק לײַדן,
ביז די וועלט וועט פאַרגיין״.

דאָס פּנים בלאַס און אויף די פּיס שוואַך,
ר׳ מיכאל שטייט שטיל און טראַכט:
„ג־ט, סאַראַ שרעקלעכע צײַט...
געשיקט קיין בודאַפּעסט אַ טעלעגראַם
נאָך הצלה געלט צו מײַן אייגענעם שטאַם
און קיין ענטפֿער קומט, און דאָ —
דער היטלערישער ליבלינג — דער קאַרדינאַל״...

נאָר באַלד ווי שמשון ער פּילט
אַ נייע פּאַליע כוח און מוט
אין זיין גלויביקן האַרץ און בלוט
און זאָגט דרײַסט: „איר פּרעדיקט „ליבע״,
נאָר אַנשטאָט הילף פאַר געפאַנגענע אידן
וואָס ווערן געשלײַדערט אין גערמאַנישן פײַער
ווי אַמאָל דניאל אין לייבן־גרוב,
שלעפּט איר אַרויס פון געשיכטע׳ס
טונקעלער קעלער־שטוב
די האַסיקע יעזוס־מעשׂה
ווי אַ זשאַווערדיקן קינזשאַל
מיט וועלכן איר שטעכט אונדז
האַר קאַרדינאַל.

ווי אַ איד גלויב איך באמונה שלמה
אַז דער שופט פון דער וועלט
וועט אײַך משפטן האַרב
פאַר אײַערע גרויליקע מעשׂים״.



# בית עולם

אַרום אַ גרויסע, גרויע מצבה
מיט לויב־ווערטער פּאַקריצט,
אונטערן לאַסט פון עלטער
עטוואָס אין אַ זײַט פאַרנייגט
און אין ערנסטע מחשבות פאַרטיפט,
טוליען זיך אין טרײַען קרײַז
קליינע, נײַ־ווײַסע מצבה׳לעך.

ווען די בית עולם ביימער און קוסטעס
נעמען רוישן מיט די בלעטער און צווײַגן,
די אַלטע, גרויע מצבה הערט אויף שווײַגן
און פאַר די קליינע מצבה׳לעך
רעדט בזה הלשון:
„זײַט נישט געפאַלן בײַ זיך
לגבי זאַנגען, גרעזלעך און קווייטן
כאָטש זיי וואַקסן אויף גוט־געפלעגטע בייטן.
זיי דויערן נישט לאַנג.
אין הייסער זון טריקענען זיי,
און אין קאַלטן ווינט און שניי
קומען זיי אום.
דאַקעגן מיר מצבות זײַנען פון האַרטן גראַניט.
דערפאַר באַנעמען מיר פון אייביקייט די טריט״.



# תּפילה פֿאַרן אידישן וואָרט

באַשירעם גאָט דאָס אידישע וואָרט
וואָס טיילט אונדזער וואַנדער און נויט
ווי דאָס אָרימע, שווער־פֿאַרהאָרוועטע ברויט,
קעגן שפּאָט און געלאַך
פֿון ביליקן גאַסן־יונג
און דעם וואויל־קענער׳ס לעסטערונג
אין נאָמען פֿון די בלעטער פֿון תנ״ך.
וואַך איבער די פֿאַרשעמטע אותיות און ווערטער.
ריכט אויף שעפער און ליד
וואָס בלאָנקען אין שאָטנדיקן נידער פֿון גזר־דין.
אַז אונדזערע אויערן זאָלן פֿאַרנעמען
דעם אויפגעלעבטן אידיש־קלאַנג
אויף די בערג און טאָלן
פֿון באַנייטן ציון ובתפוצות הגולה.



# תפילה פון אַ קיבוץ־פרוי*

די קיבוץ־פרוי, וואָס שטילט איַין
מיט אָרעמס אויסגעשפרייט
דעם אומרואיקן שטרויס־געזעמל,
איז מתפלל צום הימל מיט די־אָ רייד:
„ג־ט פון ישראל, אַלמעכטיקער האַר,
כ׳בין געלאָפן פון דיַיטשע קרעמאַטאָריעס
און פון אשיק־טונקעלע וואָלקנס רויך
וואָס האָבן ווי הונגעריקע וואָראנעס
געקריַיזט איבער אונדזערע קראַנקע קערפּערס —
צום לאַנד וואו ס׳פלאַטערן אין בלויער הויך
ווי זילבערנע וואָלקנס דיַינע צוזאָגן . . .
נאָר איצט, נאָך יאָרן פון גלויבן און מי
אויפסניַי זע איך רויכיקן בראנד
און פיַיערדיקן גלי . . .
העלף אונדז — ג־ט — אויסלעשן
דאָס פיַיער פון האַס
וואָס פּאַלעסטינער האַנט
צינדט אין דיַין צוגעזאָגטן לאַנד.
נעם אַרום מיט דיַין אָרעם פון שוץ
דאָס לאַנד ישׂראל.
און ווי אַמאָל — צו משה בן עמרם,
פון אַ פלאַם וואָס האָט זיך געטוליעט
צו אַ שטיל, דין מדבר־ביימל,
לאָז ווידער הערן דיַין טריַיע שטים,
און הייל אונדז מיט בטחון און רו.

---

*) די לידער „תפילה פון אַ קיבוץ־פרוי" און „די שטרויסן" זיַינען אַ פּועל יוצא פון פּאַלעסטינער פיַיער־טעראָר קעגן אידישע פעלדער, גערטנער און וועלדער אין ישׂראל. איך בין באַזונדערס געוואָרן אינספּירירט פון אַ בילד אין די ציַיטונגען וואָס האָבן געוויזן ווי אַ קיבוץ־פרוי באַרואיקט אַ געזעמל אויפגעקאָכטע שטרויסן.



# די שטרויסן

די שטרויסן שטייען אין גאַפֿן,
זיי פֿאַרריַיסן די העלדזער הויך.
מיט פֿאַרכטיקע אויגן זיי קוקן
אויפֿן נײַעם שונא — פֿײַער און רויך.

כאָטש די קיבוץ־שטרויסן זײַנען געוואוינט
צו יעדן סאָרט אָנפֿאַל און שרעק,
דאָך ציטערן זיי אויף ווען זיי זען
ווי פֿון וואַלד נעמט קריכן אַ פֿײַער
ווי אַ לאַנגע, רויט־קאָלירטע שלאַנג
איבער פֿעלד, גאָרטן און שטעג.

„ווער שפּרייט פֿײַער אין וואַלד און פֿעלד?
אַזאַ גרויזאַמע רשעות — פֿאַרוועז און פֿאַרוואָס?"
די שטרויסן צאָרנדיק טראַכטן,
און קענען נישט באַנעמען
פּאַלעסטינערס באַרבאַרישע מאָס.



# יגאל, ע״ה*

איבערן לאַנד בליען די מאַנדל־ביימער
און דער ווײַסער און בלויער בעז,
און די ליגסט מיט קויל אין האַרץ
אויפן וועג צו סועז.
כ׳האָב געחלומט מיט בלומען
דיך צו באַגעגענעז,
קושן דײַנע זעלנערישע, האַרטע הענט
וואָס טרײַבן דעם צה״ל־טאַנק.
איצט צוויטשערן די פייגל טרויער־לידער
איבערן הויפן ערד אין וועלכן דו ליגסט.

---

*) מײַן שוועסטערס עלסטער זון, אומגעקומען אין דער יום־כיפור־מלחמה.



# גאָט, גיב אונדז

גאָט, גיב אונדז אַ שטילן באַרג
וואָס האָט נישט געהערט דײַנע מתּן־תּורה דונערן,
וועמענס פעלדזן זײַנען נישט פֿאַרשריבן
מיטן פֿײַערדיקן כּתב פֿון דײַן האַנט.

און באַנאַנד מיטן באַרג — אַ שטיק פּשוטע, ברוינע ערד
וואו ס׳איז נישט געשטאַנען אברהמס געצעלט,
יצחקס עקידה־טרער איז נישט געפֿאַלן,
און וואו יעקב האָט זיך נישט געראַנגלט מיטן מלאך,
און ס׳האָט דאָרט נישט געצאָרנט שטראָפֿיקער נביא...

האָב רחמנות גאָט אויף דײַנע אויסדערוויילטע קינדער
נאָך וועמענס בלוט די ערד דורשט,
און גיב אונדז אַ שטיק פּרוכטיקע, נישט־הייליקע ערד,
מיט זינגענדיקע וואַסערן, שאָטנדיקע טאָלן,
וואָס איז אַרומגענומען
מיט פֿרידלעכע אָפּמאַכן ווי גוטע שכנים,
און איז גרייט צו הייליקן אונדזער חלוצישע מי
מיט פּרוכטן, גרינסן און ברויט.



# ווינטער־מאָרגן

אַ מידע, ווינטערדיקע זון
אַרומגענומען מיט אַ בלאַס וואָלקנדל — אַ רינג,
ווי אַ אָנגעזייפט פּנים פון אַן אַלטן מאַן
צום ראַזירן גרייט...
און ווי אויף אַ געהיימניספולן וואונק
הערט זיך אַ דינער, מעטאַלענער זינג
און ס׳פּליט אַן אַ קליינער עראָפּלאַן
און נעמט קרײַזן אַרום זונס געזיכט
ווי אַ ראַזיר־געצײַג...

ערשט נאָך עטלעכע מאָל קרײַזן
דאָס בלאַסע וואָלקנדל צעגייט,
און העל און שמייכלענדיק
לײַכט אויף זונס ליכט...



# דערמאָנונג

נאָך אַ האַרבסטיקע, ווינטיקע נאַכט
פון רעש׳יקע, שרײַענדיקע וועלדלעך
און יאָגנדיקע סטאַדעס וואָלקנס איבערן דאָרף,
אַ מידער, פּרוסטרירטער,
ווי צו אַ קילן טײַך
לאָז איך זיך צום זכרונות־קוואַל.

דורך סומנע, צער־פולע פּאַסירונגען
ווי דורך לאַנג־צווײַגיקע, שטעכיקע קוסטעס
אין אַ געדיכטן וואַלד אָן אויפהער איך גיי
ביז איך קום צו אַ גרוי, אַלט הויז...
אין אַ אָפענעם פענסטער
זעט אומרואיקער בליק
אין אַרומנעם פון אָונט אַ צעזונגענע וויג.
ווי צו דער העלקײַט פון אַ מאַמע׳ס ברוסט
אַ קינד בעתן זויגן,
צום פאַרוויגנדיקן ניגון
דעם קאָפּ דאַנקבאַר כ׳טו נויגן. —



# חטאנו, מר. פּערעס*

מיר האָבן זיך נישט געגרויסט מיט דיר,
געגעבן דײַן בילד מיניאַטורנע און בלאַס,
אין פּאָלעמיק נישט פֿאַרגעסן צו דערמאָנען
אַז ביסט פון מערך קלאַס.

איינמאָל אין אַ בטול׳דיקן קאַרטון
דיך פֿאַרגעשטעלט ווי אַ ווילעדזש־אינגל,
אַ צווייט מאָל ווי אַ האָן אין פליגל־צעפּאַך
גרייט ווידער אַ פלי טאָן אין דיפּלאָמאַטישן קאָך,
און נאָך און נאָך.

אָבער דיך האָט נישט קליין געמאַכט
דאָס קריצן פון קריטישער פּען,
נישט קרומער שמייכל און שפּאָטיש געלאַך.
באַשיידן, שטיל, טוסט דײַן פּאַטריאָטישע שליחות,
אָפּעלירסט צו שכנים און וועלט פאַר אַ לעבן אין פריד.

גלײַכצײַטיק — האָלטסט וואָך
איבער אונדזער קליינעם, אָרעמען לאַנד.
מיט אַ פויסט פון שטאָל
באַגעגנסט אויף באַרג און טאָל
מוסלמענישן רוצח וואָס מעסערט אין נאָמען
פון אַלאַ און דזשיהאַד.

און אין טאָג פון פּאַראַד און לויב־געזאַנג
פאַר דיר דורך אַמעריקע׳ס לייט פון הויכן ראַנג,
געדענקסט אַז ביסט פון אונדזערע גלידער אַ גליד,
רופסט יעדן איד
צו קומען קיין ירושלים מתפּלל זײַן צו ג־ט.

איצט, אין צײַט פון חשבון הנפש
ביסט אונדז ליבער פון ליב.
סלח לנו שׂר האומה, פאַרגיב.

---

*) געשריבן אין 1986, אַמעריקע האָט זיך דאַן גוט באַצויגן צו מדינת ישראל.

# צו אַ צה״ל־סאָלדאַט

ווי גוססדיקע פישלעך אויף אַ טײַכ׳ס ברעג
צאַפּלען מיר זיך אויפן ראַנד
פון אונדזער קראַנקן, מיט האַס־פולן פּלאַנעט.
די דזשעקסאָן־אַראַפּאַט חברותא
לעשט דאָס ביסל העלע זון
וואָס איז אונדז פאַרבליבן
מיט העצערײַען מיאוסע.
דער הימל קוקט גלײַכגילטיק
אויף אונדזער פּײַן און טרערן.
מיט קאַלטע בליקן ווינקען די שטערן.

אַ ליבער צה״ל־סאָלדאַט,
נאָבעלער זון פון מײַן שווער־געפּרואווט פאָלק,
גאַרטל זיך אָן מיט העלדישקײַט
פון דבורה הנביאה,
דוד המלך,
און די העראָאישע מאַקאַבייער,
און מיט דער שאַרף פון דער שווערד
פאַרלענד דעם אינטיפאַדע־פײַנט
פון אונדזער היסטאָריש־ביבלישער ערד...



## צום פויפּסט

אין דײַן דראַנג אײַנצונעמען
דעם מענטשלעכן שטאַם
פאַר׳ן קרײַץ און וואַטיקאַן
פליסט איבער דערפער און שטעט,
בערג און טאָלן, מדבר און ים,
צו אָרעמע, פרימיטיווע אַפריקאַנער דערפער,
איבערגעפעלקערטע שטעט אין אינדיע,
און צו די פידזשי־פישערלײַט
וואָס אויפ׳ן פאַסיפישן אָקעאַן.
בײַם לאַנדן קישסט פרום די ערד
און פלאפלסט פון נצרת־איד
און פון האַניק־זיסער ליבע צווישן מענטשן,
דאַן הייסט דעם געזעמל געגענען
און טרײַ אויסהערן דײַן בענטשן...

פאַרוואָס דערציילסט נישט הייליק פאטערל
ווי די ליבהאַרציקע דײַטשע קריסטן
האָבן געמאָרדעט מײַנע ברידער אין פוילן
בעת ביסט אַ רואיקער און זאַטער געזעסן
אין אַרומנעם פון דיקע קירכע־ווענט
און געלייענט אונדזערע פסאלמען?...

הער אויף הייליק פאָטערל
קישן די ערד און בענטשן
דעם טרײַען געזעמל.
דערצייל די נאַאיווע, ערלעכע מענטשן
ווי דײַנע פרום־קאַטוילישע נאָכלויפערס
האָבן פאַר אַ פלאַש בראָנפן
פאַרקויפט צו די דײַטשן אונדזערע קינדער
ווי מ׳פאַרקויפט אויפ׳ן מאַרק — רינדער.



# רעווערענד דזשעקסאָן

דזשעסי דזשעקסאָן, — דער גלח שארלאטאן
מיט די שטעכיקע, צאָרנדיקע אויגן
און כיטרע וואָנסעס פון אַ קאָזאַקישן אַטאַמאַן,
רעדט פון קירכע־בינע און דערביַי ער חלומט
ווי ער פירט נעגרישע עשאַלאָנען
אין זוניקן לאַנד פון מאַכט און רום...
נאָר מיטאַמאָל, — ברודנע רייד קעגן איד
לויפן פון זיַין מויל
ווי קויטיק וואַסער פון אַ קיבל,
אַ רגע שפּעטער גיט ער פרום
אַ טראַכט פון דער ביבל
און צו אַ רעפּאָרטער ער זאָגט:
„מיַין צונג האָט אַ פלאַטער געטאָן, אַ טעות...
אַמאָל צום קאָפּ זי הערט זיך צו
וואו יעדער געדאַנק איז ווי אַ שלאַנגס
גיפטיקער ביס,
און אַמאָל צום האַרץ
וואָס איז ווי האָניק ווייך און זיס...
פרעגסט וואוהין כ'וועל גיין?
וואוהין ס'פירט מיַין וועג?
כ'דאַרף קיין מאַפּע־צייכן.
כ'וועל בּיַיקומען טונקעלן נידער
און פעלזיק־שאַרפע הייכן.
אין מיר אַ העכערער כוח בליט.
כ'וועל גיין וואוהין דאָס גנעדיקע ליכט
און העלער שטערן וועלן פירן
צום לאַנד וואו ס'וואַרטן אויף מיר
ליכטיקע טירן".



## צו גאָט

גאָט, כ׳האָב הײַנט אויסגעשריבן מײַנע טרערן
און איצט בין איך מיד פון דײַן פּאַטעטישן גאָב.
די ווערטער וואָס האָסט מיר צוגעטראָגן
ווי אויף אַ גנעדיקער האַנט,
זײַנען זיך גיך צעפלויגן
ווי צעשראָקענע פייגל אין אַ ווײַטן לאַנד.
ווער ווייסט וואו זיי וואַנדערן
אין געיעג נאָך אַ תּיקון?
ווער קען מעסטן פון פּאַטעטישן וואָרט דעם פלי?
קען זײַן אַז אין זייער אײַליקן נע ונד
קערן זיי זיך אום צו דיר,
באַשעפער־גאָט? —



## די ווײַס־זילבערנע וואָלקנס

די ווײַס־זילבערנע וואָלקנס וואָס ציען צום מערב־ראַנד
איבער פרילינגדיק־צעבליטע גערטנער,
דערמאָנען מיר אין דײַנע וואונדערלעכע הענט, גאָט,
וואָס כ׳זע אין דמיון
בעת איך חלום מיט דער פּען אין האַנט.

ווען זיי נידערן איבערן נאָענטן פליין,
דאַכט זיך מיר אַז פון ערד און שטיין
שאַפן זיי דעם בראשית׳דיקן וואונדער פון לעבן.



# דײַן לעצטער עשאַלאָן

דײַן לעצטער עשאַלאָן פון אידיש־דיכטער
ציט גיך פאַרבײַ.
ווי אונדזערע קרובישע חומש־געשטאַלטן
שפּאַנען זיי דורך זון און זאַמדיקן שטויב.
ג־ט, זע אַז די הייסע מדבר ווינטן
זאָלן נישט בײַסן זייערע טריט,
און אַז די קוואַלן בײַם וועג
זאָלן זיי באַגריסן מיט געזאַנג
פון אַ נייעם, אויפגייענדיקן טאָג.



# אונזערע לידער

ווי היימלאָזע יתומים מיט קראַנקער לבנה
אין נישט־אויסגעשלאָפענע אויגן, —
וואַנדערן אונדזערע לידער אויף וועג און שליאַך,
זוכן אַ ליכטיק־וואַרעם פּײַערל אין אַ פענסטער,
און אַ היימישן דאַך.

זיי וואַנדערן פאַרשפּאָטע אויף דאָרפישע וועגן.
אַזוי אויך דורך שפּאַלער
פון אָפּלאַכערישע פנימ׳ער־גרימאַסן
איבער שטאָטישע סקווערן און גאַסן.



# צו ר׳ נחמן בראַצלאַווער

אויף דײַנע פּאַרטראַכטע יחידות׳דיקע שפּאַצירן
דורך מאָרגנדיקן פעלד און וואַלד
הערסט אין פריילעכן בלעטער־רויש
די אָנקומענדיקע טריט פון גואל.

און זעסט ווי די זיך וויגנדיקע אין ווינט
קוסטעס, זאַנגען און גראָזן
טאַנצן דיר אַנטקעגן
ווי דײַנע טרײַע, התלהבֿות׳דיקע חסידים.

נאָר אין אייליקן בייט פון שטימונגען ביסט פאַרווירט.
איין רגע, פון התרוממות געריררט,
שוועבסט אויף די פליגל פון דײַנע צויבער־מעשׂיות
צום כּסא הכּבֿוד
וואו ס׳זיצט דער מלך המלכים.
און באַלד דערנאָך וואָגלסטו אַרום
אין אונטערשלאַק און מיט באָרוועסע פיס
איבער די סטאַמבולער גאַסן.



# דער מאָרגן איז מייאיק־גרין

דער מאָרגן איז מייאיק־גרין און מילד,
„הללויה" איך רוף צום וואַלד, פעלד און ווינט.
אין פשוטן, דאָרפישן אָנטאָן
אָן אַ טלית און אָן אַ סידור,
מיט די ביימער, קוסטעס און גראָזן
כ'דאַוון ווי מיט ברידער.
„הללויה" רופן אויף צוריק
די ביימער, קוסטעס און גראָזן
מיט קולות פול מיט חן:
„לאָמיר לויבן דעם באַשעפער,
זײַן באַשאַף איז כלו שיין".
און ווי אַ הדרת־פנימ'דיקער רבי, אַ גרײַז
אַרומגענומען מיט טרײַע, התלהבות'דיקע חסידים,
אַ הויכער, קרעפטיקער, פיל־צווײַגיקער בוים
אינדערמיט ביימער און קוסטעס אַ קרײַז,
גיט זיך פרום אַ נייג אין ווינט
און רופט אויס:
„נישט דו ביסט דער איינציקער
וואָס וויל זיך מתאחד־זײַן
מיט גאָט ברוך הוא.
אויך דער בעל שם טוב און ר' נחמן
האָבן מתפלל געווען ווי דו"...
דער מאָרגן איז מייאיק־גרין און מילד,
„הללויה" איך רוף צום וואַלד, פעלד און ווינט.



# אַרום שבת׳דיקן טיש

א

אַרום שטאָלענעם, בלישטשעדיקן גזלן, —
דעם מעסער אויפֿן טיש,
זאַמלען זיך אין פּראָטעסט
ווײַסע און ברוינע קרישקעס חלה און ברויט.
אַ שיין־געפלאָכטענע, באַמאָנטע חלה
באַקאָנט אויפֿן שבת׳דיקן טיש
פֿאַר איר חן און פֿײַנע מאַניערן
רעדט קלאָר און שטיל:
„הערט זיך צו דאַמען און הערן,
און אויך איר — זילבערוואַרג, געפעסן,
און דער באַ׳טעמ׳טער אויסטייל
פֿון טרינקען און עסן . . .
די זון האָט געוואַרעמט אונדזערע קערנער,
אַ רעגן האָט געצערטלט,
גענערט מיט געפיל . . .
סוף־זומער האָט אַ וואַסער־מיל
געמאָלן די קערנער דין,
בעקער־הענט האָבן ראָזטשיניעט,
געפורעמט דעם טייג
און געבאַקן האָט פרייליכער פלאַם,
איצט פּעניצט שטאָלענער מעסער
דעם ווייצענעם שטאַם״ . . .
נאָר קיינער ענטפערט נישט
אויף חלה׳ס באַדויער־רייד,
קיין וואָרט, קיין זאָג
וואָס זאָל האָבן באַדייט און וואָג.
די מענטשן אַרום טיש
עסן געשמאַק חלה, ברויט, פיש,
גרינסן און פלייש,
האָבן הנאה פון די זמירות,

שאַרפֿן כריין און אַ גלעזל ווײַן.
נאָר דער שטאָלענער, בלישטשעדיקער מעסער
האַלט זיך בײַם עיקר.
ער צעשנײַדט ברויט און חלה
אויף המוציא׳ס און שטיקער.

ב

עטלעכע קרישקעס שפּרינגען ווײַט פֿון מעסער
און פֿאַלן אויפֿן קאַלטן דיל...
באַלד חלומען זיי פֿון מתיקות׳דיקן זמירות־געזאַנג,
פֿון דער שניי־ווײַסער היים
אין דער פּוכקער, שבת׳דיקער חלה,
פֿון גלאַנציקע, שיין־געפֿלאָכטענע ווענטלעך
וואָס באַשיצן פֿון גרוי־וואָכיקן אָרום,
און מיט בענקשאַפֿט קוקן זיי אַרויף
צו די ווײַס־בלויע פֿלעמלעך אין דער מנורה,
און צום העל־באַלויכטענעם, שבת׳דיקן טיש...



# וועלט׳ס געריד

אין אַלערליי שפּראַכן
רעדן באַשעפעניש און זאַכן:
דער רעגן מיטן ווינט,
דאָס פעלד מיטן רינד.
דער וואָרצל מיט דער ערד,
מיט דער שייד די שווערד.
מיט דער זעג בוים׳ס שטאַם,
מיטן מעסער די לאַם.
די פעז מיטן בייגעלע פּאַפּיר,
מיטן הויז
אַ סקריפּנדיקע טיר,
און צו דער זון דאָס פענסטער —
אַ שײַנענדיקער געציר.
דאָס פײַער מיטן רויך,
מיטן רעגנבויגן דער וואָלקן
אין הימלישער הויך.
מיט נאַכטיקן חושך דער בליץ,
מיט סומנעם פעלדז — אַ קריץ.
מיטן גרוב דער וועג,
די שטאָט מיטן עק,
דער יַם מיטן פּאָרט,
דער מענטש מיטן „גוטן אָרט״...
מיט רוישיקן טײַך אַ בריק.
מיט אומגליק דאָס גליק———



# ברידער מײַנע

ברידער מײַנע מיט פֿרומע בערד
און פֿאַר׳חלומ׳טע אויגן וואָס זוכן משיחן
אין אַ יעדן ווינקל און אויף יעדן גאַסן־ראָג.
נישט פֿרעגט מיך צי כ׳בין פֿרום
און דאַוון דרײַ מאָל אַ טאָג,
און צי כ׳בין באַהאַוונט
אין די ווימלענדיקע ווערטער און דינים
וואָס אויפֿן גמרא־פּאַפּיר.
כ׳בין אַ געפּלאָגטער איד ווי איר,
אַ געשמיסענער מיט דער בײַטש
פֿון קריסטלעכן האַס.
כ׳האָב מיט מײַן פּען געקלאָגט
ווי אויף אַ וויינענדיקן פֿידל
אויף אונדזער אַלעמענס בראָך.
אַ לערנט נישט פֿון די קאַטוילישע צינדער
וואָס האָבן געברענט אונדזער טראָט
אין נאָמען פֿון מלאכים און גאָט,
און שנײַדט נישט אונטער ווי מיט אַ זעג
דעם דינעם שטאָם פֿון מײַן ציטערנדיקע רו
ווי מ׳שנײַדט אונטער אַ בעריאָזקע
וואָס וואַקסט בײַם טײַך.
איך בין אַ איד נישט ווייניקער פֿון אײַך!



# די קליינע גרעזלעך פרעגן

די קליינע גרעזלעך אין גאָרטן און פעלד
וואָס יעדער בוים רוישט און לאַכט
מיט שפּאָט איבער זיי,
און מענטשן אויף זיי טרעטן
ווי זיי וואָלטן געווען ווערעמלעך,
האָבן מיטאַמאָל שטאָלץ געטראַכט:
„מיר זײַנען טאַקע קליין און שוואַך,
דאָך האָבן מיר גענוג פאַרשטאַנד
צו האַלטן זיך באַנאַנד —
אַן אייגנשאַפט וואָס איז נישט יעדן באַקאַנט.
געהערט האָבן מיר פון אַ שוואַכן, אַלטן בוים —
(אונדזער איינציקן פרײַנד אין פעלד),
אַז גאָט, דער באַשעפער פון הימל און ערד
איז תמיד אַליין אין רוים...
פרעגט זיך פאַרוועז און פאַרוואָס,
ווען יעדער וועזן וואָס אין וואַסער,
אויפן באַרג און פליין,
וויל אים זען
און רעדן מיט אים אַן אַ מאָס..."

מיטאַמאָל האָט אַ ווינט אַ יאָג געטאָן
איבערן פעלד און גאָרטן מיט אַ קאַלטן מאַך
און געשריען: „שאַ! דרך ארץ גרעזלעך!
לא נוצרתם לכך!
די פראַגע איז נישט פאַר אײַך!"
און זינט דאַן שווײַגן די קליינע גרעזלעך.



# אַלפּישער באַרג

אויף שטאָלצן קאָפּ טראָגט דער באַרג
אַ קופּע רונדיקע, ברוינע פעלדזן,
ווי אַ פייער אַ קויש פּרוכטן
אויפן וועג צום דאָרפישן מאַרק.
דער באַרג וויל מן הסתם העכער קלעטערן,
אפשר צום סאַמע הימל, —
דאָס וואוין־אָרט פון גאָט,
אָבער ער איז אַלט און מיד,
און קען מער נישט שטײַגן
אַפילו די גרייס פון אַ מענטשלעכן טראָט.
איז שטייט ער מיט מאָרגן־ליכט פאַרצויגן,
און קוקט צום הימל מיט בלויע קוואַלן־אויגן
און רעדט אין וואַיענדיקן ווינט:

„נעם צו מײַן באַשיידענע מנחה, גאָט,
וואָס כ׳טראָג דיר אַנטקעגן.
ווייסט ווי שווער ס׳איז דאָס קלעטערן
דורך הימלישע וועגן...
זאָלן די פעלדזן נישט זײַן קליין
אין דײַנע אויגן.
האָסט זיי אַליין געפורעמט
אין ווײַטן אַמאָל — לויט דײַן פּלאַן און מיין״——



# מיך רעגט

מיך רעגט די רויט־ציגלדיקע וואַנט פון שלאַכטהויז,
די בלוט־רויטע וואַנט וואָס פאַרשטעלט דעם ווײ פון בעלי־חי
פון אונדזער היפּאָקריטישן אויג.
גייענדיק אויף סומנעם וועג
וואָס בײַם ראַנד פון פאַרצווייפלטע קולות,
כ׳הער דעם פאַרבענקטן רוף פון אַ קו
צו איר ווײַטן קאַלב אין זוניקן דאָרף
בײַם אַרײַנגיין אין בלוט־פאַרשמירטן בנין,
וואו אין ברודנע פאַרטעכער ס׳וואַרטן די קײַלער־יונגען
מיט שאַרפע מעסערס אין די הענט...
און באַלד כ׳פאַרנעם גרילצנדיקן געשריי פון אַ חזיר
וואָס טראָגט זיך מיט טענה און געקלאָג
אויף שטאָליק־גרויזאַמען שניט
צו אַ הימל וואָס איז פאַרלייגט
מיט גרויע וואָלקנס ווי מיט פעלדזן...



# צו אַ מאַנוסקריפּט

אויף דײַן גלאַט זײַטל פּאַפּיר
— וואָס כ׳האָב אַרויסגעריסן פון אַ שול־העפט —
געצייכנט אין גראַדע, בלויע ליניעס
צו ריכטן די פּען אין אַ קינד׳ס
צאַרט, קאַליגראַפיש הענטל,
האָב איך געשריבן וועגן מאַרס
דעם גאָט פון האַס און קריג
וואָס אין אַ רגע פון אַ קאַפּריז
גיט ער אַ צעטייל און צעוויג
די מענטשלעכע סטאַדע
אין פײַנטלעכע לאַגערן
און די וועלט ווערט
אַ בלוט־פאַרגאָסן שלאַכטפעלד
וואו יונגע מענער און פרויען
וואָס האָבן נאָר וואָס געבליט,
און איצט ליגן זיי טויטע
ווי געקאָסעטע גראָזן
פון קאָסע־שניט...
ווי יעקב מיטן מלאך
האָב איך זיך געראַנגלט מיט ווערטער
אין דער בײַסיקער יאַנואַר־קעלט
און דער איינזאַמקײַט פון באַגין.
און איצט, צעקנייטשט און הילפלאָז ליגסט
אין גרויער רעדאַקציע־שטוב
ווי דניאל אין לייבן־גרוב...



## אַ גראַניטענער שטיין

איך בין אַ גראַניטענער שטיין
אין בויער׳ס געניטער האַנט,
נאָר פאַרגעסן האָט דער בויער
מיך אײַנצומויערן אין דער וואַנט.

איצט ליג איך אויף קאַלטער ערד
אין געהיל פון טונקעלער נאַכט.
די לבנה קוקט אויף מיר קרום
און אַ רויטער שטערן לאַכט.



## איך באַגעגן

איך באַגעגן דאָ מענטשן ווי שאַרפע שטיינער,
אַ וואונדיקער איך גיי אויף איינזאַמען וועג.
נאָר מיטאַמאָל איך פאַל און אין שטויב בלײַב ליגן,
און זע ווי מײַן בלוט די ערד פלעקט.

„קין!״ פון דער שטויביקער ערד איך רוף
(כאָטש כ׳ווייס אַז מײַן וואָרט האָט נישט קיין האַפט)
צום מאַן וואָס קומט אָן מיט אײַזערנעם טראָט
און מיט האַס שפּאַנט אַריבער מײַן גוף.



## אַלטער טײַך

כ׳בין אַ מידער, אַלטער טײַך.
כ׳טראָג אויף מײַן פלאַך
דעם טונקל פון שווערע, קרישלענדיקע בריקן
און דעם טרויער פון רויכיקע פאָרט־שטעט.
די העלע וואָלקנס און הויכע, חכמה׳דיקע בערג
וואָס איך באַגעגן אויפן וועג — שפּאָטן פון מיר.
מײַנע אַמאָל קלאָרע, יאָגנדיקע וואַסערן
האָבן שטייניקן מדבר געשליפן,
און די ברעגן ווי פּאַפּירוסן
פאַרצייכנט מיט דויערנדיקע הערגאָליפן.
הײַנט פלעסקען זיי מיט קראַנקן לאַמענט
לענגאויס ברעגס פעלזיקע ווענט.



## מײַן פערטלינג שפּראַכן

מײַן פערטלינג שפּראַכן וואָס כ׳האָב אָנגעקליבן אין אַלע עקן וועלט,
שווימען אַרום אויף די מידע כוואַליעס פון מײַן זכרון,
וואו זיי לעבן באַנאַנד אין שטילן קריג...
נאָר אין געהויבענע רגע׳ס פון פּאָעטישן חלום
פאַרענדיקן זיי גיך דעם געצוואונגענעם שלום,
און גיבן זיך אַ ריס צום געזאַנג פון אויפגייענדיקן ליד
ווי די צווײַגן און בלעטער פון שטאָטישן בוים
צו דער זון וואָס שײַנט הויך איבערן צוים.
„מײַן שורה״ — זאָגט פויליש מיט קרומע מינע.
„מײַן מעטאַפאָר״ — בלײַבט נישט אונטערשטעליק העברעאיש.
ענגליש רעדט עקשנות׳דיק און קיל: „מײַן גראַם״,
נאָר הערן הער איך אידיש — דעם שטאַם.



# קאַנטשערטאָ

ווי צו אַ קוואַל אין פעלד דורשטיקע שאָף
ציען מײַנע חושים צו פּיאַנאָס ליד
וואָס זילבערט אויף ווײַסן קלאַווישן־ראַנד.
מיט שׂמחה באַגריסט מיך לויטערער גאָס.
אין סטאַדיום־פעלד טאַנצט פריילעך דאָס גראָז.
נאָר אין דער גיך־נידערנדיקער זון
באַלד טונקלען די קלאַנגען אין טרויער און רויט
און איבער פּיאַנאָ און רייען מענטשן
האַרבסטיקער הימל אָוונטיק בלויט.
אין אָנזיכט פון עטלעכע פריע אָנגעצונדענע שטערן
גיט זיך הויך אַ הייב דאָס ליד מיט שיינקײַט און מאַכט,
ווי ס׳וואָלט דורך מאָצאַרטס געניאַלע קרעפטן
געוואָלט זיך אַ לאָז טאָן פון אונדזער ערד
וואָס נידערט אין טונקל און נאַכט
און מיט ווײַטע, העלע וועלטן זיך באַהעפטן...



# בריוו

כ'האָב מורא פאַר בריוו
וואָס ליגן לאַנגע טעג און נעכט
אין שטילע, שאָטנדיקע ווינקלען
פון אָפּגעשלאָסענעם האָטעל־צימער
און קיינער קומט נישט
זיך פרעגן וועגן זיי
און קיין האַנט שטרעקט זיך נישט אויס
צו עפענען די אַלטע, שטויביקע קאָנווערטן.

ווער ווייסט דעם טונקעלן מיין פון ווערטער
וואָס זײַנען געשריבן אויף אַלטן, פאַרגעלבטן בריוו־פּאַפּיר
וואָס יאָגן אָן אַ פּחד אויף קרובים און פרײַנט? —



# די דינער פון דײַן וואָרט

די דינער פון דײַן וואָרט
זיצן אויף שטויביקע, אַלטע טרעפּ
וואָס פירן צו דײַן היכל.
ווי אַמאָל די נביאים געדולדיק זיי וואַרטן
אויף אַ צייכן.
די ברענענדיקע זון פאַרעט דאָס קריגעלע וואַסער
וואָס אין זייערע ציטערנדיקע הענט,
און טריקנט דעם לאַבן ברויט
אויפן דאַנעבענדיקן שטיין
וואָס איז נאָר־וואָס געווען פריש,
און האָט געזאָלט באַשיינען
דעם מאָלצײַט אויפן טיש.



# צו אַ פרײַנד — אַן אַסטראָנאַט

כ׳קען דיך מער נישט באַגריסן מיט האַנט׳ס באַוועג
צי מיט קאָפּ׳ס נויג,
און נישט מיט וואַרעמען בליאַסק פון אויג.
ביסט ווײַט, ווײַט אַוועק,
און אומזיסט דאָס קוקן אין די וואָלקנס און הימל.
ביסט אַריבער אַלע גרעניצן פון מענטשישן באַנעם.
קוים וואָס קען דיך אָניאָגן בלויער פויגל פון מײַן דמיון.
און איצט צאַפּלסט זיך אין קאַלטן ליכט
פון וויסנשאַפטלעכע פאַקטן.
קום צוריק ווײַטער פרײַנד! קום!
צו אונדזער אַלטן, גרויען פּלאַנעט,
צום הויז מיט שינדלדיקן דאַך
און שטויב־באַדעקטער שוועל,
צו ווײַב, קינד, פרײַנט און גאָט,
און צום בליעכץ פון בלומענטאָפּ
אויף אַ פענסטער וואָס איז זוניק־העל.
קום! לאָמיר זיך זעצן אונטערן רויש
פון אַלטן עפּלבוים,
זיך צוהערן צום געזאַנג פון בלעטער און ווינט
און לאָמיר פאַרגעסן דעם אין־סופיקן רוים...



# ליד פון בלינדן מאַן

ווי אַ טרײַער הונט דאָס לעבן מיט מיר גייט,
אויף שמאָלע סטעזשקעס און רחבות'דיקע וועגן באַגלייט.
באַנאַנד שפּאַצירן מיר געלאָסן,
שטיל ווערן מענטשן, גאַסן.
די גוטסקײַט וואַרעמט מיט אַ קרײַז אומזעבאַרע אויגן,
ווי דער פרידלעכער צוזאָג פון רעגן־בויגן.
נאָר אַמאָל פּאַסירט, —
די גלאַטקײַט פון סטעזשקע און וועג
פאַראַט מיט שטרויכל פון שאַרפן ראַנד.
אינדערמיט פון שטאָטישן צעזינג פון טריט
פאַל איך, —
— אַן אויסגעפליקטע סטרונע פון אַ גיטאַר.
נעבן מיר דער שטאָק, דער הוט,
פון פּנים רינען טראָפּנס בלוט.
נאָר דער וואָס ליגט מיט וואונד אויף ערד
און האָרכט מיט פילבאַרן אויער,
פאַרנעמט דעם אייביק־ערדישן טרויער.



# צו אַ נעגער

די שקלאַפן־קייט שנײַדט נישט מער
דײַן האַרט־ברוינע הויט.
ווײַסע פּנימער באַגריסן דיך מיט אַ שמייכל
און אידישע ליבעראַלן פאַרנייגן פרײַנדלעכע קעפּ,
גרייט אויפצונעמען דיך מיט ווײַן און ברויט.
נאָר דו גייסט זיי פאַרבײַ מיט בייזע טריט
און שפּאַנסט אַוועק באַגלייט פון האַסטיקן ריטם
וואָס אין דײַן הייס בלוט זידט.
און ווען קומסט אויף אַ ווײַסע גאַס
ווערן נאָך מער אָנגעדראָלן דײַנע ליפּן
און די אויגן זיך צינדן מיט דזשאַנגל־האַס.

# Be an American, be A Man!

איך וואוין דאָ לאַנגע יאָרן אין לאַנד
דאָך שטיי איך אַלץ אויפֿן ראַנד,
ווי איך וואָלט נאָר וואָס געקומען פון שיף
מיט אַ פּאַק אין דער האַנט.

די הויכע, מעכטיקע פּרײַהײַט־דאַמע
וואָס באַלײַכט מיט קאַלטן, חכמה׳דיקן פלאַם
אַמעריקע׳ס גאָלדענעם וועג,
האָט נישט גערן דעם שרײַבער־שטאַם —
די לײַט מיט פאַר׳חלומ׳טע אויגן
וואָס זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט
מיט אַ פּען אין האַנט
איבער אַ בייגעלע פּאַפּיר פאַרטראַכט...
און זי רופט אויס בייז: „צײַט איז גאָלד!
פאַרטרײַב די חלומות, צעברעך די פען!
Be an American, be A Man!"



# דער פעלדז אויף דער לבנה

דער סומנער פעלז אויף דער לבנה
וואָס איז אַרומגענומען מיט גיריקע קאַמעראַס
און מיסטעריעזן אין סוף,
באַגריסט מיך אין פרימאָרגנס
מיט שטומע לידער פון וואונדער.
אין איינזאַמקייט פון ווינטערדיקע נעכט
גלעט איך די שטייניקע פלאַך פון אייביקייט,
די אָוואַלנע, מאַיעסטעטיש־שיינע מאַסע,
וואָס ליגט אין מדבר פון קאַלטן מינעראַל,
ווי אַ שטאָלצער אויסוואַל פון פעלזן־ראַסע.
דאָס קאַלטע ליכט פון חכמה
זינגט אַראָפּ
פון זיין בראשית׳דיקער פלאַך,
ווי אייזיקע טראָפּנס פון מײַן דאַך.

דער פעלדז אויף דער לבנה,
איז ווי דער שטיין אויף מײַן פעלד
אינדערמיט גראָז און קווייטן.
דיזעלבע שנירלעך אייביקייט איןביידע, —
גלאַנציקע קערנדלעך גראַניט,
ענלעכע צו בליענדיקן צוויט,
וואָס אין באַגין פון באַשאַף
האָט זיי גאָט געוואָרעמט מיט יצירה־הויך,
און שפּעטער צוגעדעקט
מיט וואָלקנס פײַער און רויך———

קען זײַן אַז אויף ווײַטן לבנה־שטיין
האָט אַ מלחמה־העלד געשאַרפט זײַן שווערד,
און זאַט מיט רום און מאַכט,
געגאַרט נאָך אַ גרעסערע, מער בלוטיקע שלאַכט.
דאָס פאָלק איז אַרויס אים באַגריסן
מיט בלומען, געזאַנג און לויב,

און ווי אַ סטאַדע צעיושעטע פערד
געטופּעט פריילעך מיט די פיס
אויפן אַמאָל גרינעם לבנה־פּליין,
און אים אָנגעטאָן אַ גילדענע קרוין
פאַר בראווקייט און מאָרד — אַ לוין...

איצט ליגט דער פעלדז שאָטנדיק־גרוי,
אַלט פון צייַט־פאַרגיי
און ווי פון טראַכטן מיד...
און כאָטש צו זייַן ראַנד זיך טוליען
פיצלעך שניי ווי ווייַסע קווייטן,
דאָך ליגט דער פעלדז — לבנה'ס ריז
אין אייביק־פראָסטיקע קייטן———



# אַ ליד צו אַ מאַמע שפּעט בײַנאַכט

וואָלסט מיך נישט דערקענט, מאַמע.
מײַן פּנים אַמאָל ווייך און צאַרט
איז איצט גרוי,
און די אויגן זײַנען נישט מער וואַרעם און בלוי.
געדענקסט אונדזערע חלומות, מאַמע?
די פײַערדיקע רייד וועגן די צעטראָטענע ברעקלעך
פון דער פאַרהאַסטער שקלאַפן־קייט
וואָס וועלן איין זוניקן מאָרגן
זיך וואַלגערן אונטער אונדזערע באַפרײַטע פיס?...
די שעה איז שפּעט. דער האָטעל־באַלעבאָס, —
דער אויפגעקומענער געלט־רויבער,
די נײַע גרויזאַמע פויסט אויף אונדזער גאַס
דינגט עמלקים פון דײַטשן מערדער־שטאַם
צו הערשן איבער מײַן שלאָף און רו
און צו טרעטן אויף מײַן ווירדע
ווי אויף אַ וואָרצל
וואָס סטאַרטשעט קוים אַרויס פון דער ערד...



# דער טויטער שכן

דער אַלטער שכן וואָס איז שוין לאַנג טויט,
מיטאַמאָל זיך יאַוועט אין אונדזער הויז,
און ווי אַמאָל שטעלט ער זיך בײַ מײַן טיר,
און עטעמט אײַן צופרידן
די געשמאַקע, פרימאָרגנדיקע ריחות
פון פענדל קאַווע וואָס האַלט אין זידן,
און פרישן, שוואַרצן ברויט.
איך זאָג צו אים מיט אַ ביטערן שמייכל:
„איז דאָס לעבן אַזאַ גרויס גליק
אַז זאָלסט וועלן קומען אויף צוריק,
דורך וואַלד פון מצבות,
שטילע, פאַרטרערטע גראָזן,
און געדיכטע קוסטעס אייביקײַט? —
נאָר ער — ענטפערט נישט.
אַ רגע טאַפּט ער דעם דיל
מיט די מידע, קראַנקע פיס,
און באַלד גייט ער פּאַוואָליע און שווער אַראָפּ,
איבער די שטיינערנע קרומע טרעפּ,
וואָס פירן צום ליכטיקן דרויסן.



# ליד צום אַלףֿ בית

שיין־געפורעמטע אידישע אותיות
מיט חכמה און טעם פאַרטראַכט,
נישט איינמאָל איז איַיך באַפאַלן
אַ שרעק־פולע נאַכט.

אָפּט האָבן פייַנטלעכע הענט איַיך גע׳שׂרפ׳עט, געברענט
אין שיהל און אין גאַס,
און ווי גלויביקע אידן
מיט „שמע״ אויף די ליפּן
זייַט איר אויסגעגאַנגען
אין פייַער פון האַס...

אין שפּעטע שעהן פון דער נאַכט
ווען די וועלט איז שטיל,
קוק איך אויף איַיך פאַרכאַפּט
פון אייַער מיסטעריע און שיינקייַט,
און פון צוזאַמענשטעלן איך טראַכט
אַן אות מיט אַן אות
צו שאַפן דעם וואונדער פון מאַכט
וואָס זאָל ווי דעם מהרל׳ס גולם
זיך טאָן מיט גבורה אַ לאָז
אויפן המון פון פאַרטיליקער און ברענער
וואָס רינגלען אונדז אַרום
ווי אַ גרויזאַמער, שטאָלענער ראָד.



# אַ דיכטער׳ס מאָנומענט

אינדערמיט גרויע מויערן פון שטאָט,
ווי געפאַנגען דורך בעטאָניקע ריזן־הענט,
אויף אויסגעטראָטענעם קרײַז גראָז
שטייט אַ דיכטער׳ס פאַרגעסענער מאָנומענט.

דער ניו יאָרקער המון רעוועט און אײַלט, —
אַ ווילדער אָנלויף פון יעדן לשון און לאַנד
פאַרבײַ מאָנומענט׳ס קרישלענדיקן ראַנד . . .
נאָר דער דיכטער שטייט מיט קאָפּ נישט געבויגן,
און ווי אַמאָל פאַרצייכנט ער וואָרט נאָך וואָרט.
אַרום אים ווי בלוט־גאָס פון קראַנקער לונג,
האַרבסטיק־רויטע בלעטער ליגן אין אַ רינג . . .

דער דיכטער שטייט צער׳יק־פאַרטראַכט,
נאָר באַלד שיקט ער איילילקן המון קריטישן בליק.
און ווי אַמאָל אַ הוסט אין דער נאַכט, —
אינדערמיט פון דינעם וועבן
פון ליריש־חצות׳יקן ליד,
אַזוי פאַלט איצט פון מאָנומענט
אַ גרוי שטיק צעמענט . . .



# אַ נאַכט

אַ זומערדיק — בלויע נאַכט אויפן לאַנד.
רויט־גילדענע שטערן גליען אין הימלישן סדר.
דאַנעבן אַ וואַסערל פון אַ פעלדז רינט
און פאַלט אויף אַ שטייַן
מיט אַ פרייַלעכן לאַך פון אַ קינד.
אַרום פעלז און וואַסערל — שטילע, דאַרפישע הײַזקעס
שמעקן ווי עפל־ביימער אין סאַד.
אין אַזאַ נאַכט האָט אפשר נישט קײַן זין
צו האָבן טענות צו גאָט
פאַר הונגער, דורשט, ציטערניש פון ערד,
און פאַרן בלוט־פאַרגאָס פון נאַצישער שווערד.



# געזעגנונג

אדיע, אדיע, קלייִנע כאַטע
מיט ווענט טרערן־זאַטע,
מיט שינדל־דאַך און אַלטן קוימען
פֿון וועלכן ס׳פֿלאַטערן הויך
פּאסמעס גרויער רויך,
און פֿענסטערלעך שטילע, בלאַסע,
וואָס נייִגן זיך צו גראָזיקער ערד
אויף וועלכער שטייִסט אַזוי זיכער
אין אַ צײַט פֿון אומרו און בייִזן וויכער...

אדיע, אדיע קלייִנע כאַטע,
איך גייִ אַוועק אויף ווײַטע וועגן,
זאָלסט זיך קייִנעם אויף מיר פֿרעגן.
כ׳וועל שוין מער נישט צו דיר קומען.
גריס די גראָזן און די בלומען
וואָס נעבן דיר שטייִען אַרומגענומען
מיט שטייִנדלעך ווײַסע
ווי אין אַ צויבער — מעשה.



# דערציילונגען

## אין אַ קאַפעטיריע אויף בראָדוויי...

עסיי, נאָוו. 1980.

...אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן אונזער ליטעראַטור אין יידיש, זײַנען מיר פאַר־בליבן במתי מעט, אַ קליינע משפחה, כאָטש קיין וואַרעמע משפחה׳דיקע באַצי־אונגען זײַנען אין איר נישטאָ. אייגנטליך געפינט זי זיך אין די נאַרציסטישע קלעש־טשעס פון אַ צוויי צי דרײַ מענטשן און זיי מאַנעווורירן עס מיט דער ליטעראַטור לויט זייער פאַרלאַנג און קאַפריז. אָבער איצט וויל איך שרײַבן וועגן אַ קאַפעטעריע אויף בראָדוויי צווישן דער 84טער און 85טער גאַס, איינע פון די גרויסע העל־באַליכטענע סטוירלינג־קאַפעטעריעס וואָס האָבן אַמאָל עקזיסטירט אין שטאָט, וואו ס׳פלעגן בײַ אַ טישל זיך זאַמלען אין לויף פון יאָרן יידישע און העברעאישע שרײַ־בער. אייגענטליך איז די סטוירלינג־קאַפעטעריע נישט געווען דער איינציגער פלאַץ וואו שרײַבער האָבן זיך באַגעגנט. געדענקט איר נישט די רעשיקע גאַרדן־קאַפע־טעריע אויף איסט בראָדוויי? איך האָב אגב זוכה געווען זיך דאָרט צו באַגעגענען מיטן קעניג פון די יידישע דיכטער הירש לייוויק, ווי אויך מיטן ליבן, וואַרעמען דיכטער און פראָזע־שרײַבער אברהם רייזן. און אויב איר זײַט ווען־עס־איז געקומען קיין ברייטאָן ביטש, איז אײַך געוויס געווען באַקאַנט די אַזוי־גערופענע „ליטע־ראַרישע באַנק״ וואָס אויפן באָרדוואָק, בײַ דער זעקסטער גאַס, וואו שבת־צו־נאַכט און אין די זונטיק נאָכמיטאָקס פלעגן דאָרט זיצן די ברוקלינער „פּני״ פון דעם יידישן שרײַבער־וועלטל, די פּאָעטן לוי גאָלדבערג, הרב שׂמחה גאָרדאָן, דער קריטיקער ש.ד. זינגער, און דער טשעקאָווער, סימפּאַטישער פיליפּ רובין וואָס כאָטש ער איז געווען אַ יליד אַמעריקע און איז אויפגעוואַקסן אין יענקישן ווער־מאָנט, האָט ער געפילט אַ שטאַרקע ליבע צום יידישן לשון און צו די יידיש־רעדנ־דיקע אידן פון מזרח־אייראָפּע.

אַרום דער „באַנק״ איז כמעט שטענדיק געווען אַ געזעמל פון שרײַבער און האַלבע שרײַבער, וואָס פלעגן הייס דעבאַטירן אַ ליד, אַ דערציילונג צי אַן עסיי וואָס איז נאָר־וואָס געוואָרן אָפּגעדרוקט און האָט אַנגעריסן.

אויפן טומעלדיקן ברייטאָנער שפּאַצירגאַנג האָט איר אָפּט באַגעגנט דעם טאַלאַנטפולן ליריקער און עפּיקער בעריש ווײַנשטיין. כ׳געדענק ווי איינמאָל איז זײַן ערדיש־טונקל פּנים געווען באַדעקט מיט אַ הילע פון צער. דאָס האָט יעקב גלאַט־שטיין אים אַ זעץ געטאָן מיט זײַן קריטיק־דובינע איבערן קאָפּ, וואָרים זײַנע פּאָעטישע קינות אויף חורבן ריישע זײַנען אים נישט געפעלן... אָבער די קליינע

ליטעראַרישע גרופּע אין דער סטוירלינג־קאַפעטעריע איז געווען אַנדערש מיט דעם וואָס זי פלעגט זיך צונויפקומען יעדן אָוונט און די באַטייליקטע האָבן זיך זעלטן־ ווען געביטן.

אין דעם מאָמענט קומען מיר אויפן זינען דער העברעאישער שרײַבער אברהם צבי הלוי, דער אַקטיאָר יצחק ראַטבלום, וואָס פלעגט אויפבלישטשען אין מאָריס שוואַרצ׳ס טעאַטער־אויפפירונגען, דער יידיש־ענגלישער שרײַבער און קאָלעדזש־ פּראָפעסאָר ד״ר עזריאל נאַקס, דער דיכטער מאיר זימל טקאַטש, דער שרײַבער אליעזר בייזער און מײַן ווייניקײַט. די מערסטע פון אונז האָבן געוואוינט אין קליינע, ביליגע צימערן אין די אַזוי־גערופענע „בראַון סטאָן״ הײַזער וואָס געפינען זיך צווישן סענטראַל פּאַרק און דעם האַדסאָן ריווער. מיר האָבן געלעבט אַן איינזאַם לעבן און אונזערע חושים זײַנען געווען פאַרטאָן אין שרײַבן און לייענען און אין ממשיך זײַן דעם גאָלדענעם פאָדעם פון אונזער נאַציאָנאַלער פען־שעפערישקײַט וואָס האָט זיך געצויגן פון יהודה הלוי, שלמה איבן גבירול, דורך ר׳ נחמן בראַצ־ לאַווער, מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ און חיים נחמן ביאַליק. אין יענער צײַט איז געווען שטיל און רואיק אין די גאַסן וואָס שנײַדן דורך בראָדוויי און אין דעם מיטעלן טייל פון מאַנהעטן. שוואַרצע און ווײַסע הפקר־יונגען זײַנען דאָרט נישט באַגאַנגען קיין געוואַלד־טאַטן און דער גרילץ פון פאַרטאָריקאַנער מוזיק־קאַסטן האָט נישט געריסן דעם אָרום. די קליינע, באַשיידן־מעבלירטע צימערן האָבן סטימו־ לירט אונזער טראַכטן און שאַפן. נאָר אין די אָוונטן, ווען די איינזאַמקײַט האָט גענאָגט די נשמה, פלעגן מיר איבערלאָזן די פען און דאָס פּאַפּיר אויפן שרײַבטיש און זיך גיך געלאָזט אין דער קאַפעטיריע באַגעגענען וועמען עס איז פון דער קליינער כאַליאַסטרע.

זיצנדיק בײַ אַ טעפּל קאַווע אָדער טיי, צי עסנדיק גרייפּלעך מיט מילך, פלעגן מיר זיך אויסרעדן און טיילמאָל אַפילו אויסשרײַען אונזערע שרײַבערישע פּראָ־ בלעמען, אָבער מער פון אַלץ — דעם יידישן וויי. געווען איז עס באַלד נאָך דער שרעקליכער וועלט־מלחמה. די גערמאַניש־נאַצישע אימפּעריע איז געלעגן אַ צעקרישעלטע, אַ צעטראַטענע, אָבער אונזערע שטעט און שטעטלעך אין אייראָפּע, און באַזונדערס אין איר מזרח׳דיקן טייל, וואָס האָבן אַמאָל געשפּרודלט מיט יידיש לעבן, זײַנען איצט געווען איין ריזיקער בית עלמין. ערגעץ־וואו אין אָפיסעס זײַנען געזעסן רעכן־ספּעציאַליסטן וואָס האָבן סומירט די מאַסן יידן, מענער, פרויען און קינדער וואָס זײַנען אומגעקומען דורך די נאַצישע מאָנסטער־לאַפּעס. די ניו יאָרקער טאָג־צײַטונגען און אָוונט־בלעטער האָבן קאָנקורירט איינע מיט דער אַנדערער אין שילדערן גרויל־סצענעס אין די לאַגערן. זיי זײַנען אַרויסגעקומען מיט ריזיקע שוואַרצע קעפּ. „פיר מיליאָן יידן טויט!״ האָט איין צײַטונג געשריגן. אַן אַנדערע צײַטונג האָט געשריען: „פינף מיליאָן יידן טויט!״ אַ דריטע צײַטונג האָט זיי איבערגעשטיגן מיט נאָך אַ גרעסערן, אַ מער שוואַרצן קאָפּ: „זעקס מיליאָן טויט אין

די לאַגערן, געטאָס און וועלדער!״ פונקט ווי מענטשליכע לעבנס וואָלטן געווען ווערטלאָזע שטויבן...

אין לויף פון איייניגע טעג האָב איך אָן אויפהער געזען אומענדליכע רייען שוואַרצע ציפערן. זיי זײַנען געלאָפן פאַר מײַנע אויגן ווי זיי וואָלטן געווען לעבע־דיקע, גרויליקע וועזענס פון אַן אַנדער פּלאַנעט. כ׳האָב זיי געזען גייענדיק אויף בראָדוויי, אויף די זײַטיקע גאַסן און געסלעך, און פונקט אַזוי אויף אַ גרויסן פעלד מחוץ דער שטאָט וואו כ׳האָב צופעליג באַדאַרפט צו זײַן אין איינעם פון די־אַ טעג. אַז כ׳בין צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַרײַן האָב איך געמיינט אַז די האַלוצינאַציעס וועלן אויפהערן. אָבער מײַן האָפענונג איז געווען אַן אומזיסטע. די שוואַרצע ציפערן זײַנען געלאָפן פאַר מײַנע אויגן מיט מער באַשטענדיקײַט און אימפּעט ווי פריער. אָבער מורא׳דיקער פון אַלע ציפערן איז געווען די „זעקס״. ווי נאָר כ׳בין צוגעקומען צום הויז וואו איך וואוין האָב איך זי געזען ליגן בײַ דער וואַנט. אַ קורצע ווײַלע איז זי אַזוי רואיק געלעגן. מיטאַמאָל האָב איך דערזען אין איר צענטער אַ גרויס, גרין אויג ווי פון אַ באַאַ־שלאַנג. אין דער רגע האָט דאָס אויג בייז אַ בלישטש געטאָן, די „זעקס״ האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען זיך קאָלערן לענגאויס דעם טראָטואַר און נאָך איר האָבן גענומען ציען זעראָס, זעראָס, זעראָס, אָן אַ מאָס. ווי שוואַרץ־שטאָלענע רינגען האָבן זיי זיך געקרעדלט איבער טראָטואַרן, גאַסן, פּלעצער און סקווערן. זיי האָבן אַרומגעכאַפּט, אַרומגענומען יעדע זאַך, יעדן אָביעקט וואָס זיי האָבן באַגעגנט אויפן וועג — מענטשן,ביימער, סלופּעס, אויטאָס, טראַקס און אַפילו הײַזער, גלײַך זיי וואָלטן געוואָלט אַ תּל מאַכן פון כל דבר חי ודומם, ווי אַ שטראָף פאַר דעם וואָס די וועלט האָט דערלאָזט אַז די זעקס מיליאָן ייִדן זאָלן עס אומקומען דורך די נאַצי־בעסטיעס...

ווידער בײַנאַכט, אַז איך האָב זיך געלייגט אין בעט אַרײַן, האָב איך נישט געקענט אײַנשלאָפן. כ׳האָב געהאַלטן אין איין זען די פּנים׳ער פון מײַנע ליבע קרובים — דער באָבע מאַליע, לייבל, גאָלדע, דער פאַרשטויסענער, אַרעמער מרים אויף וועמענס הענט כ׳בין אויפגעוואַקסן, און די קליינע פּנים׳לעך פון מענדעלע און שולמית, די צוויי חנ׳עוודיקע, קלוגע קינדערלעך. אַלעמענס פּנים׳ער זײַנען געווען דין און בלאַס פון הונגערן און פאַרצווייפלט און די אויגן האָבן נישט אויסגעזען מער ווי מענטשליכע אויגן, נאָר ווי טיפע, רויטע וואונדן... די מײַלער זייערע זײַנען געווען פאַרמאַכט ווי אויף שלעסער נאָר די וואונדיקע אויגן האָבן דאַכט זיך גערופן: „העלף מנחם, העלף!״

די מערכה פון מײַנע טאַטע־מאַמע איז געווען אַ סך אַ בעסערע. זיי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה אין אַ ווײַטן עק אין רוסלאַנד און אין זעלטענע מאָמענטן פון אָפּטימיזם אין אַזעלכע שלאָפלאָזע נעכט האָב איך זיי געזען אין מײַן דמיון ווי זיי פאָרן מיט דער באַן אָדער אויף אַן אויטאָבוס אין דער ריכטונג פון אַ פרײַען פּאָרט פונוואַנען זיי וועלן עס אָפּפאָרן מיט אַ שיף קיין ארץ ישראל, וואו ס׳וואוינט אַ

טייל פון אונזער משפחה. אַרום דעם וועג אויף וועלכע זיי פאָרן וואַלגערן זיך אין אומצאָליגע טויזנטער די דורכגעשאָסענע קערפּערס, קרבנות פון דער באַרבאַ־רישער הונען־אַרמיי... אָבער באַלד זע איך ווידער די מאָגערע, פאַרצווייפלטע פּנים׳ער פון מײַנע נאָענטע קרובים וואָס זיינען פאַרבליבן אויף דער דײַטשער זײַט, די אײַנגעשרינקענע, דערשעפּטע מײַלער פון שרײַען און העשען און די וואונדיקע אויגן־לעכער. אַפילו דער ווייכערער, נידערגעשלאָגענער טאָן בײַם קאָפּעטעריע־טישל וואָס איז געווען אַ פּועל יוצא פון אונזערע שולד־געפילן — (מיר זײַנען עס געבליבן לעבן און נישט זיי!) — האָט נישט געמינערט מײַן צער און אומרו. ערשט אַז כ׳האָב געלייענט וועגן שיפן און שיפלעך אָנגעפּראָפּטע מיט אומדערשראָקענע מעפּילים פון צווישן דער שארית הפליטה, וואָס טראָגן זיך איבער ימ׳ען אויפן וועג צום ייִדישן היימלאַנד, האָב איך אויפגעהערט זען די אומענדליכע שוואַרצע ציפערן און אָנגעהויבן קומען צו זיך. אין איינעם פון די־אַ טעג האָב איך אויסגעדריקט מײַנע געפילן אין אַ ליד א.נ. „צו אַ מעפּילים־קינד געבוירן אויפן ים״. דאָס ליד גייט אַזוי:

א.

וואַרמע ווייען שטרעקן זיך צו סטעליע, ווענט...
ווי מיט פיבערדיקע הענט
נעמען אַרום דאָס נײַ־געבוירן לעבן,
און מיטן פאַרבאַטענעם ברעג באַהעפטן, פאַרוועבן.

ב.

דורך קליינעם רונד פון קאַיוטע־שויב
האָט געראַשט וועגן מולדת דער וואַסער שטויב.
אויף מאַסטיקער הייך, געפּלאַטער פון ווײַס־בלוי.
דערציילט האָט פון כנענישער ערד און טוי.

ג.

אַרום שיף־בויגן זינגען די כוואַליעס.
אויף יעדן כוואַליע־רוקן אַ שומיקער שיר המעלות.
און די טונקעלע פאַרהוילענישן פון תהום,
שיקן אַרויף שיר המעלות׳ן מיטן אונטערשטראָם.

פון וועגן פּרנסה ענינים בין איך אַוועק וואוינען אין אַ שטאָט וואָס איז ווײַט פון ניו יאָרק. מײַן אָפּשייד האָט פאַרשטייט זיך נישט געמינערט די לעבהאַפטע דיס־קוסיעס אין דער קאַפעטעריע. ווי איך האָב שפּעטער געהערט זײַנען צום בינטל שרײַבערס צוגעקומען נאָך דרײַ: לייב פיינבערג, אלחנן אינדעלמאַן און משה פיינ־שטיין. אַז כ׳בין אין 1968 צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק און כ׳האָב באַזוכט די קאַפע־טעריע, האָב איך באַמערקט אַז די צאָל ייִדישע באַזוכער האָט זיך דאָרט שטאַרק פאַרקלענערט. די נישט־ייִדן זײַנען באַשטאַנען פון שוואַרצע, פּוערטאָ־ריקאַנער און

אַ צאָל פאַשיסטישע עלעמענטן פון יוגאָסלאַוויע און בולגאַריע. ניט־וויסנדיקע אַמעריקאַנער ייִדן זײַנען געזעסן בײַ די זעלבע טישלעך בײַ וועלכע עס זײַנען געזעסן געוועזענע מערדער וועמענס הענט האָבן פאַרגאָסן ייִדיש בלוט, ווי אויך דאָס בלוט פון פרײַהײַט־ליבנדיקע ניט־ייִדן. דאָס זײַטיקע טישל אַרום וועלכן מיר האָבן דעבאַטירט און אַרומגערעדט ייִדישע און שרײַבערישע פּראָבלעמען האָט דאַכט מיר אויסגעזען ברוגז. אַ קאַלטע שטילקײַט איז געהאַנגען איבערן טישל. עטלעכע יאָר שפּעטער האָט די צײַט אָפּגעווישט די גרויסע, העל־באַלויכטענע סטוירלינג־קאַפעטעריע. די צײַט האָט אָבער אויך נישט געשוינט די שרײַבער. איינער פון דער גרופּע, אברהם צבי הלוי וואָס האָט זיך מיט זײַנע דרײַ ביכער קונה שם געווען ווי אַ בעסערער העברעאישער שרײַבער אויפן היגן באָדן, איז לײַדער געווען אומטאָלעראַנט און אַגרעסיוו אין באַצוג צו באַקאַנטע און אַפילו פרײַנט. מיט זײַן שאַרף, מבֿיניש אויג האָט ער גיך געקענט אָפּשאַצן שרײַבער און זייערע ווערק, און געגנוי אַזוי סאָציאַל־פּאָליטישע געשעענישן. אָבער טראָץ זײַן אומגעוויינליכער חריפות האָט ער נישט פאַרשטאַנען אַז זײַן אַגרעסיווע האַלטונג איז דער גראָב־אײַזן וואָס קאָפּעט פאַר אים אַ קבר. אין אַ פראָסטיקן יאַנואַר־טאָג פון יאָר 1966 האָט ער טראַגיש פאַרענדיגט זײַן לעבן.

מאיר זימל טקאַטש האָב איך אָפט געזען אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן. ער פלעגט שפּאַנען עקשנות׳דיק מיט דער הילף פון אַ שטאָק פון זײַן האָטעל־צימער איבער בראָדוויי אין דער ריכטונג פון מעקדאָנאַלדס, וואו ער פלעגט טרינקען קאַווע, לייענען אַ צײַטונג צי כאַפּן אַ שמועס מיט אַ באַקאַנטן פון דער געגנט. פון פאַך איז ער געווען אַ הויז־מאָלער און אין זײַן פרײַער צײַט האָט ער געשריבן — הונדערטער לידער, וועלכע ער האָט מיזאַם געשליפן. ער האָט אויך איבערזעצט אַ גרעסערע צאָל לידער פון רוסיש. אין דעם פּאָעטישן באַטאַליאָן אונזערן, וואָס שרינקט גיך אײַן, איז ער דער ווערטפולער סאָלדאַט וואָס איז געשטאַנען טרײַ אויף זײַן פּאָסטן.

# פון שעדלעץ ביז קובאַ

אַן אַרטיקל וואָס איז לעצטנס דערשינען אין אַ צײַטונג וועגן דעם אײַנגעשרונקענעם ייִדישן ישוב אין קובאַ האָט אויפגעוועקט אין מיר אַ שלל זכרונות. כ'האָב מיטאַמאָל זיך דערזען אינדערמיט פון אַ גרופּע ייִדן אויף אַ קליינער, אַלטער שיף מיט'ן עלעגאַנטן נאָמען „וואַרשאַווא" אויפן וועג פון פּוילישן ים־פּאָרט גדיניא קיין לע האַוור. לויט דער ווערסיע פון פרײַנטלעכן רוסישן קוכער איז די שיף אַמאָל געווען אַ טייל פון דער רוסישער האַנדלס־פלאָטע און האָט זשוואַווע קורסירט אויף די וואַסערן פון באַלטישן ים. דאַקעגן איצט האָט די שיף שווער געסאָפּעט, געקרעכצט בײַם בײַקומען די גרויסע, צאַרנדיקע כוואַליעס פון קאַנאַל לאַ מאַנש.

ווי מיר האָט זיך דאַן געדאַכט האָבן די כוואַליעס זיך באַמיט אָפּצוהאַלטן דאָס פאָרן פון דער שיף אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן און אפשר געוואָלט זי טרײַבן אויף צוריק צום פּוילישן ברעג, אַזוי אַז די ייִדישע פּאַסאַזשירן זאָלן זיך נישט קענען באַפרײַען פון די פּויליש־שאָוויניסטישע אונטערדריקערס וואָס האָבן געראַובט פון ייִדישן מויל דאָס לעצטע שטיקל ברויט און פון די נאַראַ־כוליגאַנעס וואָס האָבן געטשאַטעוועט מיט פאַלקעס, ראַזיר־מעסערלעך און אין נישט ווייניק פאַלן — מיט רעוואָלווערן.

פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז געווען אַ בייזע דאַכטעניש פון אַ יונגן, איבערגעשראָקענעם פּאָעט, וואָרעם די קליינע, אַלטע שיף האָט טראָץ דעם וואָס זי האָט געליטן פון קורצן אָטעם און דערשעפּונג, האָט זי דאָך געקעמפט בראַוו קעגן די צעיושעטע קאַנאַל־כוואַליעס און ענדלעך האָבן מיר געלאַנדעט אין פּאָרט לע האַוור. דעם זעלבן טאָג האָבן מיר — עטלעכע פּאַסאַזשירן — זיך אַרויסגעלאָזט זוכן ייִדן אין דעם אַלטן, פראַנצויזישן פּאָרט. ענדלעך האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ ייִד אַ שוסטער וואָס איז אין יונגן עלטער געקומען קיין פראַנקרײַך פון וואַרשע. ער איז געווען נידריק אין וואוקס און עטוואָס דיק. ער איז געזעסן בײַם וואַרשטאַט וואָס איז אין אַ קליין געוועלבל, פלינק אַרײַנגעקלאַפּט טשוועקלעך אין אָפּצאַס פון אַ מענערשוך און מיט באַדויער זיך צוגעהערט צום דערציילן וועגן דער סומנער לאַגע פון די ייִדן אין פּוילן. באַלד האָט ער אָוועקגעלייגט דעם האַמער און דעם שוך, אַ קוק געטאָן אויף אונדז מיט טרויעריקע אויגן און געזאָגט: „סע טרע מאַל..." און פאַרגעזעצט אין ייִדיש: „ס'איז זייער שלעכט". אין אַלץ איז שולדיק דער באָש... אויך אין פראַנקרײַך האָט זיך געיאָוועט דער נאַציזם, נאָר דאָ הייסט ער „לע קרוּאַ דע פע" און אַ צאָל אַנדערע נעמען. אָבער זאָרגט נישט ברידער ייִדן, ס'וועט נאָך זײַן גוט און האָט אַ גליקלעכע רײַזע"... האָט ער וואָרעם צוגעוואונטשן.

די זעלבע נאַכט זײַנען מיר געפאָרן מיט דער באַן ביזן מאַלערישן, שטילן

פּאַרט־שטעטל ראַשעל פּאַליס, וואָס אויף פראַנקרײַכ׳ס דרומדיקן ברעג. עטלעכע טעג שפּעטער האָט נאָענט פון ברעג זיך געיאָוועט אַ גרויסע ענגלישע פּאַסאַזשיר־שיף און ווי דער תנ״כ׳ישער וואַלפיש האָט אײַנגעשלונגען דעם נביא יונה, אַזוי לײַכט האָט די שיף אַרײַנגענומען אין איר ריזיקן אינגעווייד לאַנגע שורות מענער, פרויען און קינדער מיט גרויסע און קליינע וואַליזעס און פּעקלעך.

ווי אַנדערש איז געווען די רײַזע אויף דער בריטישער שיף אין פאַרגלײַך מיטן פאָרן אויף דער קליינער, פּוילישער שיף! געווען איז עס אינדערמיט פון 1938, דאָס יאָר פון דײַטשלאַנד׳ס איבערפאַל אויף טשעכאָסלאָוואַקיע און פון דער אַזוי גערו־פענער „קריסטאַלנאַכט״. די פּוילישע פּאַנעס האָבן אַנגעקוואָלן פון די אויסגע־האַקטע שטיקער גלאָז וואָס זײַנען געפאַלן פון ייִדישע געשעפטס־פענסטער און פון די זײַלן רויך און פײַער וואָס האָבן זיך געטראָגן פון ברענענדיקע שוהלן ווי אַ נקמה פאַר דעם נאַצי גוסטלאָפס טויט דורך אַ בראַווע ייִדישער קויל. אויפן שיפל „וואַר־שאַוואַ״ האָט געהערשט דער גײַסט פון פּשיטיק. יעדן מאָל ווען דער קאַפּיטאַן פלעגט פאַרבײַגיין האָבן זײַנע לאַנגע, שפּיציקע וואָנסעס געציטערט פון שפּאַנונג און די גרויע אויגן האָבן געשיקט פײַנטלעכע בליקן, ווי ער וואָלט אונז געוואָלט דערמאָנען אַז מיר זײַנען פּוילנ׳ס האַלבע בירגער און מיר פאַרדינען נישט מער ווי האַס און פאַראַכטונג.

דאַקעגן אויף דער בריטישער שיף האָב איך צוריק געקראָגן מײַן ייִדישע און מענטשלעכע ווירדע. די שיינע, ווײַסע שיף איז געווען אַ באַוועגלעך ברעקל פון די בריטישע אינדזלען וואו אידן געניסן פון פרײַהײַט און דעמאָקראַטיע אין לויף פון לאַנגע דורות. איבערן לאַנגן דעק האָבן ייִדן פון פאַרשידענע לענדער שפּאַצירט, אָדער זיך געטומלט אין אַ לעבהאַפטן געשפּרעך. זיי זײַנען באַצײַטנס ניצל געוואָרן פון פּוילישע פּאַגראָמען וואָס זײַנען געווען אַ פאַרשפּיל צום שפּעטערדיקן היט־לערישן אומברענג — צי ווײַל זיי זײַנען געווען עקאָנאָמיש פּריוועליגירט אָדער אַ דאַנק מיטפילנדיקע אַמעריקאַנער קרובים — ווי אין מײַן פאַל.

אין די אָוונטן האָבן ייִדן זיך געזאַמלט אין אַ ווינקל פון דעק און דורך אייפער־דיקן געזאַנג פון ייִדיש־נאַציאָנאַלע און פאָלקס־לידער אויסגעדריקט דעם אומרו און ווײי וואָס זײַנען שווער געלעגן אויף זייערע הערצער. די זינגערס פלעגן געוויינ־לעך אָנהויבן דעם אָוונטיקן רעפּערטואַר מיטן אַלטן לירישן פאָלקסליד „אויפן פּריפּעטשיק״ וואָס איז באַקאַנט כמעט יעדן ייִד. די ווערטער טראָגן זיך מילד און קלאָר ווי אַ דין רעגנדל אין אַ זומערדיקן טאָג:

אויפ׳ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פײַערל,
און אין שטוב איז הייס,
און דער רבי לערנט קליינע קינדערלעך
דעם אלף בית.

זאָגט זשע קינדערלעך,
געדענקט זשע טײַערע,
וואָס עס שטייט דאָ.
זאָגט זשע נאָכאַמאָל,
און טאַקע נאָכאַמאָל,
קמץ אַלף — אָ...

איין אָוונט האָט דער שיפס־קאַפּיטאַן שפּאַצירט אויפ'ן דעק בעת מיר זײַנען געזעסן און געזונגען. דאָס השתפּכות הנפש'דיקע געזאַנג האָט צוגעצויגן זײַן אויפמערקזאַמקײַט און ער איז צוגעקומען נענטער און געפרעגט: „ווער זײַנען די זינגערס? צו וועלכן פאָלק געהערן זיי?"

אין אַ שוואַכן ענגליש האָב איך דערקלערט אַז „די זינגערס זײַנען ייִדן פון פּוילן". דער קאַפּיטאַן האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט: „גרויס־בריטאַניע איז נישט דײַטשלאַנד. בײַ אונז קענען ייִדן זינגען וויפל זיי ווילן". ער האָט אַ שמייכל געטאָן און איז אַוועק. — אויך די שפּאַניער אויפ'ן שיף זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט פאַר־וואונדעטע געמיטער. זיי האָבן פאַרלוירן דעם קריג קעגן די פראַנקאָ־כוחות און איצט זײַנען זיי געפאָרן זיך בויען נײַע היימען אין קובאַ און אין אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער. אויך זיי האָבן אָפט אויסגעדריקט זייער אומעט און צער אין לידער, אַ שטייגער:

מיר האָבן נישט קיין טאַנקן
און נישט מיר האָבן אַוויאָנען,
אַ מאַנועל, אַ מאַנועל...

די איינציקע וואָס זײַנען געווען פריילעך און אָפט געלאַכט מיט אַ הילכיק געלעכטער זײַנען געווען די דײַטשע רײַזנדע. אויף זייערע עס־טישן זײַנען געשטאַ־נען צו עטלעכע פלעשער ווײַן פון וועלכע זיי האָבן גיריק געזשלאָקעט. זיי האָבן שפּאַצירט איבער'ן שיף מיט שטײַפע, זעלנערישע טריט. אַ גראָבע גערמאַנישע זעלבסטזיכערקײַט האָט אַראָפּגעשריגן פון זייערע געזיכטער. מן הסתם האָט זיך זיי געדאַכטן אַז די גרויסע וועלט ליגט הילפלאָז און קראַנק פאַר זייערע פיס. נאָר איין דין דײַטשל מיט אַ דאַר, בידנע פּנים'ל ווי ער וואָלט געווען אַ סוכאָטניק, האָט זיך געדרייט צווישן עטלעכע דײַטשע ייִדן. איינמאָל האָב איך באַמערקט ווי ער האָט זיי דערלאַנגט אַ פלוג־צעטל און דערבײַ האָט ער געמאַכט אַ וויכטיקע מינע, גלײַך דער גורל פון דער וועלט וואָלט געווען אָפּהענגיק פון דעם קליינעם זײַטל פּאַפּיר.

„זײַט פאָרזיכטיק!" האָב איך בײַ אַ צווייטער געלעגנהײַט געראָטן די עטלעכע דײַטשע ייִדן מיט וועלכע ער פלעגט פאַרקערן.

„קימערן זי זיך נישט, הער שטערן. מיר ווייסן וואויל אַז ער איז אַ פאַר־

שטעלטער נאַצי״, האָט איינער פון זיי געענטפערט אין האַלב־ייִדיש און האַלב־דײַטש.

„אָבער נאָך וואָס דאַרפן זיי דאָס שפּיאָנירן אויף דער שיף? וואָס געווינען זיי?״, האָב איך געפרעגט.

„גאָרנישט! אַזוי זײַנען דײַטשן, פון איין זײַט — קאָלאָסאַל קלוג און פון דער צווייטער זײַט — זייער דום. אויך דעם צווייטן קריג וועלן זיי פאַרלירן, אָבער אפריער וועלן זיי אומברענגען האַלב אייראָפּע — ייִדן און גוים, פאַרשטייט זיך אַז מער ייִדן ווי גוים״, האָט אַ צווייטער דײַטשער ייִד דערקלערט מיט זאָרג. אַן אַנדערער ייִד אין דער גרופּע וואָס האָט געקוקט אין די ווײַטן דורך אַ לאָרנעטע, האָט מיטאַמאָל זי אַ הײב געטאָן אין דער הויך ווי מ׳הויבט אויף אַ פאָן, און מיט אַ העכערע שטימע אויסגערופן: „מיר זײַנען גאָר נאָענט פון האַוואַנאַ, אַן ערך אַ האַלבע שעה פאָרן פונדאַנען!״

„איך האָף אַז קובאַ איז אַנדערש פון אייראָפּע, אַז דאָרט זײַנען נישטאָ די אידעאָלאָגישע עקסטרעמיסטן וואָס לעבן אויף שׂנאה, ייִדן־האַס און קריג״, האָט באַטאָנט דער ערשטער ייִד.

„פאַרגעסט נישט מײַנע פרײַנט״ — האָט דער ייִד מיט דער לאָרנעטע געזאָגט — „אַז די וועלט איז הײַנט־צו־טאָג אַ קליין געשעפטל. נישטאָ קיין גרויסער אויס־וואַל. זײַט צופרידן וואָס איר האָט עפּעס אײַנגעהאַנדלט. וואָס דאַרפן שוין זאָגן אונזערע שוועסטער און ברידער וואָס זײַנען פאַרבליבן אונטער׳ן נאַציש־דײַטשן יאָך? —

און אָט זײַנען מיר נאָך עלף טעג פאָרן אויף די וואַסערן פון אַטלאַנטיק, געקומען אין סאָב־טראָפּישן קובאַ, דעם לאַנד פון געשמאַקער קאַווע, צוקער־ראָר, באַרימטע ציגאַרן און שיינע, מיט גלאַטן זאַמד באַדעקטע ים־ברעגן וואו צענדלי־קער טויזנטער רײַכע קובאַנער און אַמעריקאַנער טוריסטן פלעגן זומערן. דאָס אַזוי־גערופענע נײַע האַוואַנאַ איז שוין דאַן געווען מאָדערן. די גאַסן ברייט, די הײַזער געבויט אויפ׳ן אַמעריקאַנער און שפּאַנישן מוסטער און אין די האָטעלן און רעסטאָ־ראַנען האָט געגלאַנצט פון שפע און רײַכטום. אָבער דאָס איז געווען נאָר איין פּראָ־פיל פון דעם זוניקן אינדזל, מחמת קיין אָרעמקײַט האָט דאָרט נישט געפעלט.

ס׳האָט פּאַסירט אַז באַלד נאָך מײַן קומען אין האַוואַנאַ איז פולכוּענציאָ באַטיסטאַ געוואָרן דער פּרעזידענט פון לאַנד. ער איז אַמאָל געווען אַ סערזשאַנט אין דער אַרמיי און אַ דאַנק זײַן ספּריטנעקײַט איז ער אין אַ קורצער צײַט געשטיגן צום סאַמע העכסטן שטאַפּל אויפ׳ן מלוכה׳שן לייטער. באַטיסטאַ איז נישט געווען קיין טיראַן צי אַ נאַצי־סימפּאַטיקער ווי פילע הערשער אין לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער. ווען אַמעריקע איז אַרײַן אין קריג קעגן דײַטשלאַנד האָט ער מיטגע־אַרבעט מיט וואַשינגטאָן און עטלעכע קובאַנער דײַטשן אַרעסטירט און דעם פירער זייערן דערשאָסן... ער האָט אָבער נישט געהאַט דעם ווילן און נישט דעם אידעאָ־

ליזם צו ראַטעווען זײַן לאַנד פון אַן עקאָנאָמישער נידערלאַגע וואָס האָט שפּעטער דערפירט צו דער קאַסטראָ־אָרדנונג — אַ סיטואַציע וואָס פּאַסירט נישט זעלטן אין לאַטיין־אַמעריקע.

דעם יסוד פון ייִדישן ישוב אין קובאַ האָבן געלייגט די ספרדישע ייִדן, אָבער דער ייִשוב איז געווען אַ קלײנער און צו שוואַך זיך קעגנצושטעלן די אַסימי־לאַטאָרישע ווינטן. ערשט מיט׳ן אָנקום פון פּוילישע ייִדן אין די 20ער און 30ער יאָרן איז דאָס ייִדישע לעבן אויפ׳ן קובאַנער באָדן געוואָרן רײַפער, וואָרצלדיקער. ווי נאָר זיי האָבן געשטילט דעם הונגער נאָך אַ ביסל עקאָנאָמישער זיכערקייט, האָבן די אימיגראַנטן פון ביאַליסטאָק, אָפּעלע און שעדלעץ אויפגעבויט שוהלן צום דאַווענען און לערן־שולן אין העברעאיש און ייִדיש פאַר׳ן יונגן דור. זיי האָבן אויך אַרויס־געגעבן ביכער און זשורנאַלן אין ייִדיש און שפּאַניש ווי „האַוואַנער לעבן״ און „לאַ ווידאַ האַבאַנעראַ״ און מיט אַ פולער האַנט געשטיצט זייערע ברידער און שוועס־טער אין ארץ ישׂראל. ווען קאַסטראָ האָט אין 1959 אײַנגעשטעלט אַ לינקע רעגירונג אין קובאַ, האָבן די ייִדן זיך נישט געקענט צופּאַסן צו דעם נײַעם אַרט לעבן אין לאַנד און גענומען מאַסנוויַיז פאַרלאָזן דעם אינדזל. זיי זײַנען אַוועק קיין ישׂראל, אַמעריקע, ווי אויך אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, אַזוי אַז פון דעם ישוב פון 12,000 ייִדן אין 1928 איז דאָרט נאָר פאַרבליבן אַ צענטל פון דעם. שרײַבנדיק די שורות הער איך אַ סאַרקאַסטיש געלעכטער. דאָס לאַכט די געשיכטע פון אונזערע פאָן־טרעגער פון מאַרקסיסטיש־רעוואָלוציאָנערן אויפבוי.

# אָפּעלע

ווי גאָר עס האָבן זיך געשטעלט די הייסע זומער־טעג האָט בערל פּאַקער איינגעשפּאַנט זײַן פערד און וואָגן און זיך געלאָזט מיטן שאָסיי קיין שעדלעץ, — אַ וואָסערע זיבן קילאָמעטער, — אַריבערצופירן אין דאָרף אַרײַן די ליעטניקעס און זייערע זאַכן. בערל, דער פּשוטער ישובניק און פּאַקער, וואָס די מערסטע חדשים פון יאָר איז ער געווען פאַרנומען בײַם מאַכן פּוטער, קעז און צוואָרעך, האָט זיך געפילט געשמייכלט וואָס באַלד וועט ער ווידער קומען אין באַריר מיט אַ צאָל חשובע בעלי בתים פון שטאָט. ער האָט הנאה געהאָט פון זייער רעדן, האַנדלען און מאַניערן. לויט בערל פּאַקער האָט עס געהייסן אַז מיטן אָנהייב פון דאַטשע־סעזאָן עקט זיך די גרויקײַט אין אָפּעלעס דאָרפישן לעבן. די גרויע, פּוסטע הײַזקעס, וועלכע וואַרטן ווי ער אַליין אויף די שטאָטישע אײַנוואוינער, ווערן מיטאָמאָל פול מיט לעבן, פול מיט פריילעכן געררייד פון דערוואַקסענע און קינדער, געזאַנג און טועכץ. אין די אָוונטן צינדן זיך די ליכט אין די קליינע פענצטער פון די פאַר־דונגענע הײַזקעס. אָפּעליע ווערט דאָן העלער, ליכטיקער און די וואַלדיקע שאָטנס דריקן ניט דאָס געמיט. הײַנט, וואו זײַנען די פאַרדינסטן?

די טרוקענע, מיט זשיוויצע־אָנגעזאָפּטע לופט, צוליב וועלכער אָפּעלע איז באַרימט, קרעפּטיקט דעם גוף און טרײַבט דעם אַפּעטיט. די שעדלעצער בעלי בתים האַלטן אין איין שלינגען קעז, פּוטער, סמעטענע, צוואָרעך און טרינקען אויס גאַנצע עמערס מיט מילך. אַ שטראָם מיט געלט לויפט אַן אין זײַן הויז מיט אַן אימפּעט וואָס דערמאָנט אים אין טײַכל מוכאַווקע, בעתן סוף־ווינטערדיקן צעגיי פון שניי. זײַן ווײַב חיה, וועלכע האָט רויטע, רונדיקע באַקן און שטענדיק־פאַרשלאָפענע אויגן, האַלט אין איין נעמען דאָס קליינגעלט פון די קונים מיט אירע פּעטע, קליינע הענט און לאָזט עס פאַלן מיט פריילעכע קלינגען אין דער גרויסער, זשאַווערדיקער שיסל וואָס אויף דער פּאָליצע.

פאַרנדיק מיט מעסיקער שנעלקײַט אויפן שטויביקן שאָסיי האָט בערל צו זיך געשמייכלט, געצופּט פריילעך די שטרוי־געלע באָרד און דערבײַ געטראַכט וועגן די פאַרשידענע ליעטניקעס, מענער און פרויען וואָס זײַנען יעדן זומער געקומען קיין אָפּעלע. ער האָט פאַרזיכטיק פלאַנירט. זאָל ער אָנהייבן מיטן קליין־געוואוק־סיקן פעלדשער טענענבוים, פון וועמען עס טראָגן זיך שאַרפע ריחות פון ספּיריט און יאָדין, וואָס האָט לעצטן יאָר געראַטעוועט אַ פויער פון טויט ווען יענער האָט זיך איבערגעפרעסן מיט חזרניק ראָזביצקיס ניט־פרישן וואורשט? די בעלי בתים זאָגן אַז פעלדשער טענענבוים צייכנט זיך אויס ניט בלויז אין היילן קראַנקע, נאָר איז אויך אַ גוטער שרײַבער.

מחוץ רעצעפּטן וואָס ער פאַרשרײַבט אין אַ מאָדנער, שווערער שפּראַך, שרײַבט ער אין אַ פּשוטן אידיש מעשׂיות און געזאַנגען וועלכע ער לייענט פאַר פאַר די ליעטניקעס אין וואַלד. איטלעכס מאָל ווען ער פאַרענדיקט פאַרלייענען, באַגעגנט אים אַ הילכיקער בראַוואָ. דער עולם רינגלט אים אַרום, עמעצער שטעלט אַ פראַגע, אַן אַנדערער זאָגט עפּעס. און נאָכמער פון די מענער, האַלטן פון אים די ווײַבער. זיי לויבן אין די הימלען זײַן שרײַבן, פאַסמאַקעווען זיך מיט יעדן וואָרט און לויפן צו אים זיך באַקלאָגן וועגן זייער געזונט... אָדער זאָל ער זיך לאָזן, — טראַכט ער ווײַטער, — צום שניט־סוחר לייבל מענדעלעוויטש, אַ לונגען־קראַנקער, אַלטער בחור, מיט פאַרטערערטע, פאַרצערטע אויגן? לייבל האָט אַ רויט, אָנגעלאָדן פּנים, אַ ברייטע פּלייצע, רונדיקע אַקסלען, און דער קאַרק זעט אויס צו זײַן שטאַרק ווי אַ דעמבאָווע קלעצל. גיי ווייס אַז ער איז חרוב־קראַנק אויף די לונגען?! אַז ער גיט אַ הוסט אין איין עק פון דאָרף, הערט מען אין צווייטן. ווען ניט די אָפּעלער סאָסנעס וואָס רינען איבער מיט גאָלדענע זשיוויצע, מיט היילונג, וואָלט ער שוין לאַנג געוווען אויפן בית הקברות. אַ שאָד וואָס אָט־דער קראַנקער, אַלטער בחור מוז שטיין אין דער קראָם פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט און קען ניט קומען פריער אויף דאַטשע. איטלעכער טאָג אין פײַכטן, נידעריק־ליגענדיקן שעדלעך איז ממש סם־המות פאַר אים...

און אפשר זאָל ער גאָר אָנהייבן דאָס אַריבערפירן מיטן שטאָט־חזן קאַנטאָרסקי און זײַן ווײַב וואָס וואוינען נעבן אַלטן, גרויען קלויסטער? אין יענעם טייל שטאָט איז דווקא פול מיט נאָנעס, גלחים, באַנגיקן געקלאַנג פון גלעקער און פרומען געמורמל פון צעמענטאַר. דער חזן און די חזנטע זײַנען זיך נוהג אַז זיי לאָדן אַן אַ האַלבן וואָגן מיט זאַכן, כאָטש צאָלערס זײַנען זיי קליינע. עס מאַכט אָבער ניט אויס. בערל דערפילט אַ וואַרעמקײַט אין די גלידער ווען ער טראַכט וועגן דעם חזנס שיינער, הויכער געשטאַלט, שוואַרצער באָרד, גרויסע, פאַרטראַכטע אויגן. און מער פון אַלץ פון זײַן טיפער, מעכטיקער שטימע. אַפילו דיביימער אין וואַלד הערן אויף צו רוישן און הערן זיך צו ווען חזן קאַנטאָרסקי נעמט זינגען אַ תפילה. צי אַ העברעאיש אָדער אידיש ליד.

ער, בערל פאָקער קען קוים אַ ביסל עברי. מיט שוועריקײַט לייענט ער דעם סידור צי מחזור, ראש השנה און יום כיפור. די איינציקע טעג ווען ער קומט דאַוונען אין קליינעם, דאָרפישן שולכל, זײַנען טעג פון אָפּקומעניש און בושה. ניט איינמאָל פלעגט ער בלײַבן שטיין אינדערמיט פון אַ פּסוק אַ פאַרלוירענער, אַ נידערגעשלאָגענער. די וואָסערדיק־בלויע, סלאָווישע אויגן האָבן געקוקט מיט בקשה צום סופּיט, ווי זיי וואָלטן געזוכט דעם בורא׳ס הילף. אָבער ווען דער שטאָט־חזן פאָרט מיט אים אויף דער פור און רעדט מיט אים מעשׂה ידיד, פילט ער זיך דערהויבן, געשטאַרקט. זעט אויס אַז ער איז ניט אַזוי קליין און נישטיק ווי אים דאַכט זיך. ער איז טאָקע ניט קיין ידען אין די קליינע פּינטעלעך, אָבער קיין נאַר איז ער אויך ניט.

צוריקגעשמועסט, וואָס ווייסן די חשובע בעלי בתים וועגן אַ צענטערפּוגע, צי וועגן מאַכן פּוטער און קעז? אָדער וועגן אויפהאָדעווען אַ געזונט, פלינק פערדל ווי עס איז דער קאַשטאַנעק זײַנער?

מיט אַזעלכע מחשבות איז בערל פּאַקער אויסגעפאָרן כמעט דעם גאַנצן זיבן־קילאָמעטערדיקן וועג. באַלד זײַנען די דיק־שטאַמיקע ליפּעס פוןביידע זײַטן וועג, — מיט די הויכע, צעזונגענע קרוינען גרינס, — פאַרשוואונדן. דער וועג איז שוין שטייניק. דאָס פאָרן הארט. דאַכט זיך אַז די רעדער ווערן זיך מיט געקלאַפּערײַ קעגן דעם וואָס דער שטילער, דאָרפישער שאָסיי איז געוואָרן אויס. פון דעם שעד־לעצער טאָל וואו עס ליגן אין אַ פאַרביקן מישמאַש גערטנער, גאַסן, הײַזער, רײַסט זיך צום בלויען הימל ווי אַ ריזיק מעסער דער זון־צעגליטער שפּיץ פון דער קאַטע־דראַלע. אָט איז דער שלאַבאַן און דער באַן־דורכפאַר. באַלד לויפן אָן ווי אַ סטאַדע שאָף, גרויע הײַזער און הײַזקעס, געוועלבלעך מיט שפּײַז, גאַלאַנטעריע און טאַבאַק, שטעלן זיך אויס, פּוצן זיך מיט קאָלירפולע אויפשריפטן.

ב.

שבת בײַטאָג, נאָכן עסן, שפּאַנען די ליעטניקעס איבער אָפּעלעס טרוקענע, ברוינע סטעזשקעס אין וואַלד אַרײַן. זיי גייען געלאַסן, קוקן זיך אײַן אין די הײַזער וואו אידן און פּויערים וואוינען, הערן זיך צו מיט הנאה צום פרײלעכן רויש פון אַ פאַרבײַפאָרנדיקן צוג און נעמען אַרום מיט באַדויערנדיקע בליקן אַ קלעצל מיט אַ פּריש־ווײַסער פלאַך וואָס ווײַזט אַז דער בוים איז ניט לאַנג צוריק געוואָרן אָפּגע־זעגט. „נאָך אַ בוים פאַרשוואונדן פון דעם אַמאָל־באַרימטן אָפּעלער וואַלד וואָס האָלט אין איין אײַנשרינקען״...

אין וואַלד באַגעגענען זיך די ליעטניקעס אויף די זעלבע ערטער ווי זיי האָבן דאָס געטאָן במשך פון יאָרן. זיי בינדן אָן די האַמאַקעס אויף די שטאַמען, כאַפּן אַ שמועס, לייגן זיך אַרײַן רוען, ווער מיט אַ ספר אין האַנט, אַ בוך, אַ שעדלעצער בלאַט צי אַ צײַטונג פון וואַרשע. חזן קאַנטאַרסקי, ווי ער איז זיך נוהג יעדן זומער, קוקט אַרײַן אין אַ קליין, בלוי־טאַוולדיקן תנכ״ל. ער גיט אַ לייען און באַלד פאַר־טראַכט ער זיך מיט זײַנע גרויסע, פאַרחלומטע אויגן. דערבײַ גלעט ער די שיינע, שוואַרצע באָרד, אויף וועלכער די ווײַבער און מיידלעך קוקן מיט זשעדנע בליקן. חיים גאָלדשטיין דער גאַלאַנטעריע סוחר, אַ קליינינקער, אַ דינער, מיט אַ ברייטן שטערן איבערן בלאַסן פּנים, פּוצט בנעימות די גאָלד־געראַמטע גלעזער פון די ברילן און באַלד פאַרטיפט ער זיך אין אַ ספר. אַ נאָענטער שכן זײַנער, דוד העלער, אַ לעדער־סוחר מיט אַ קליין, רויט־פּײַערדיק בערדל, וואָס איז פּונקט אַזוי פאַר־קאָכט אין פּאָליטיק ווי אין מסחר, לייענט פאַרכאַפּט דעם „מאָמענט״. ער ליגט אין האַמאַק אויף דער פּלייצע, האַלט די צײַטונג עטלעכע סענטימעטער איבער די אויגן, ווי מען האַלט אַ צודעק און זײַן שאַרפער בליק באַוועגט זיך גיך איבער דער שריפט.

ער האָט נאָר־וואָס פאַרענדיקט לייענען נח פרילוצקי׳ס אַן אַרטיקל וועגן די עוולות וואָס די פּוילישע רעגירונג באַגייט קעגן אידן און אַ געפיל פון אומרו נעמט אים דורך. ער וואָלט געהאַט חשק צו דיסקוטירן דעם תמצית פון אַרטיקל מיטן פעלד־שער טענענבוים, זיך אַמפּערן, קאָכן, נאָר יענער איז פאַרבליבן אין שטאָט. „דער פעלדשער דיזשורירט מן הסתם אין אידישן שפּיטאָל, צי ער האָט זיך גאָר אָפּגע־שלאָסן אין הויז וואו ער זיצט און שרײַבט״.

זײַנע שאַרפע, קעצענע אויגן באַגעגענען זיך מיטן חזנס שוואַרץ־ברוינע אויגן.

דוד העלער שמייכלט ציניש און רופט אויס: „וועגן וואָס חלומט איר אַזוי חזן? וועגן דעם שניי־באַדעקטן הר חרמון צי דעם זילבערנעם ירדן? לאָמיר בעסער הערן אַ ישמח משה צי סתם אַ זמר, פון חלומען האָט מען גאָרנישט?... עטוואָס אין אַ זײַט פון די האַמאַקעס זיצט אויף אַ בענקל ר׳ יונה שוחט. די לאַנגע, רויטע באָרד זעט אויס ווי אַ וואָלקנדל וואָס איז דורכגעגליט פון דער פאַרגייענדיקער זון. ער, ר׳ יונה, וואָס ציט אַזוי פלינק מיטן חלף איבער די העלדזער פון די עופות, קאַטשקעס און גענז. איז אין די שבתים און ימים טובים דווקא פאַרליבט אין לעבעדיקע באַשעפענישן. מיט די קאַלטע, בלויע אויגן קוקט ער זיך צו ווי אַ קליינינקע מאַרעווקע שלעפּט אַ לאַנגע, גרינע נאָדל. ר׳ יונה שוחט איז נשתומם פון דער מאַרעווקעס שכל, עקשנות און קראַפט. אין התפעלות מורמלט ער אַרײַן אין דער באָרד: „פלאי פלאים, אַ וואונדער פון בורא עולם״... ער איז אָבער וואָך געוווג אויפצוכאַפּן דוד העלערס זאָג. זײַן ליבשאַפט צו נגינה און די צוקער־זיסע שטימע מיט וועלכער ער איז געבענטשט זײַנען דוחה דעם אינטערעס אין דער מאַרעווקע. אָבער ער וואַרט אַז דער שטאָט־חזן זאָל אָנהייבן זינגען. דער זומערדיק־בלויער הימל וואָס הענגט איבער די גרין־גאָלדענע שטאַמען און צווײַגן, דער סאַמעטענער רויש פון די ווינטעלעך און דער ערשטער צוניפקום פון ליעטניקעס און פרײַנט, צעוואַרעמען גיך דעם חזנס נשמה. מיטאַמאָל רײַסט זיך פאַראויס דער בלויער פלאַם פון זײַן באַריטאָנישער שטימע: „עקביא בן מהללאל אומר״... און אָט פלאַ־טערן אַנטקעגן טענאָריש־דין ר׳ יונהס און דוד העלערס קולות. אַ רגע האַלטן זיי זיך פון דער ווײַט ווי זיי וואָלטן געוועזן שעמעוודיק צי מוראדיק. נאָר באַלד פאַלן זיי צו צום גליאיקן פײַער פון באַריטאָנישן געזאַנג אין וועלכן זיי צעגייען ווי קאַלירפולע ליכטלעך. דער עולם גאַפט, הערט זיך צו מיט פאַרכאַפּטן אָטעם. אפילו דער טובערקולאָזער לייב מענדעלעוויטש האַלט זיך אָפּ פון הוסטן און עס דאַכט זיך אַז אויך די גאָלדיק־ברוינע סאָסנעס באַנעמען די שיינקײַט פון געזאַנג און פון גערירטקײַט פאַרנייגן זיי מיט די שטאָלצע, איידעלע קעפּ.

ג.

אויף יענער זײַט וועלדל, אויף דער וועראַנדע פון זײַן הויז, איז געזעסן דער חזירניק באַלעק ראָזביצקי. ער האָט נאָר־וואָס גענומען אַ כוס׳ע. די אָנגעדראָלענע

באַקן און די גראַבע, פליישיקע ליפּן האָבן רויט געגליט קעגן דער הייסער זון. די שיף־זיצנדיקע, וועלפיש־גרויע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט אַ בלויען וואָלקן רויך וואָס האָט זיך פאַמעלעך, אומבאַהאָלפן געצויגן נאָך אַ פאַרשווינדנדיקן צוג. ער האָט מיטאַמאָל „פאַרקרומט דאָס שווערע, ברוינע געזיכט, פאַרזשמורעט די אויגן און צאַרנדיק געוואָרטשעט: „אַ זשידאָווסקע געזאַנג ... די זשידעס זײַנען שוין ווידער געקומען זומערן אין אַפּעליע ... שעדלעץ איז פאַר זיי ניט גענוג! קיין זאַך טרײַבט מיך נישט אַזוי צום טרינקען ווי די זשידאָווסקע לידער״ ... ער האָט אָנגעצונדן אַ סיגאַרעט, אַ טיפן צי געטאָן. אַ רגע געטראַכט און ווידער בייז געוואָרטשעט: „דער חזיר וואָלט נאָך באַדאַרפן אַרומגיין אַ וואָך אָדער צוויי, מיך אַרט אָבער ניט דער שאָדן, עס לוינט זיך קאַליע צו מאַכן זייער שבת״ ...

ער איז אַרײַן אין הויז און נאָך אַ קורצע ווײַלע האָט ער זיך אומגעקערט מיט אַ האָק און לאַנגן מעסער. נאָך אים האָט זיך נאָכגעשלעפּט אויף אירע קורצע פיס די נידעריקע, גאַרבעוואַטע דינסט מאַרטאַ, מיט אַ שטריק און אַ ווײַסן בעקן אין די הענט. באַלעק איז אַוועק צום דערנעבנדיקן בערגל מיסט אויף וועלכן עס האָבן זיך געפּאַשעט אַ מאַמע־חזיר מיט אירע חזירימלעך. מיט אַ הויפן ליפּינעס האָט ער אַריינגענאָ־ט דאָס קליינוואַרג אין קאַמער אַרײַן און פאַר דער מאַמע־חזיר וואָס האָט ווי געוויינלעך זיך געוואָלט פאַראייניקן מיט אירע קינדער, האָט ער באַלד פאַרהאַקט דאָס טירל. „אײַל זיך מאַרטאַ ... פוילענצער! קענסט אַ חזירס בלוט ניט צוזען, אָבער וואורשט האַסטו ליב צו פרעסן!״ האָט ער בייז אַ רעווע געטאָן, שיקנדיק אַ שטעכיקן בליק קעגן איר קרענקלעך, בלאַס פּנים וואָס האָט ווי יעדעס מאָל ווען עס איז געקומ׳ען צום שלאַכטן, געוויזן באַליידיקונג און עקל.

מאַרטאַ האָט זיך דערשראָקן פאַרן האַלב־שכורן, כעסדיקן באַלעבאָס און האָט מיטן שטריק אַרומגענומען דעם חזירס אָן אונטערשטן פוס.

דער הונט דזשיק, וואָס איז געלעגן אין דער בודע בײַם הויז און געדרימלט, האָט מיט די שאַרפע חושים דערשפּירט אַז עפּעס גרייט זיך און גלײַך זיך אויפגע־כאַפּט, ווען ער האָט דערזען דעם באַלעבאָס מיט דער האַק און דעם לאַנגן מעסער, און די גאַרבעוואַטע מאַרטאַ מיטן ווײַסן בעקן און שטריק, האָט ער מיט זײַן הינטיש־חיהשן שׂכל פאַרשטאַנען אַז דאָס גייט מען קוילן דאָס גרויסע חזיר, די מאַמע פון די חזירימלעך.

ווי אַ פייער אין אַ וואַלד האָט זיך צעבושעוועט אין אים די תּאווה נאָך בלוט און פלייש. ער האָט ווילד געריסן די קייט מיט וועלכער ער איז געווען צוגעבונדן צום הויז, געהאַווקעט מיט טיפע, שאַרפע בילערײַען און דערבײַ געשטשירעט מיט די לאַנגע, ווײַסע ציין. עס האָט זיך געדאַכט אַז אָט פּלאַצט די אײַזערנע קייט און דזשיק וועט זיך אַרויפוואַרפן מיט אַ שרעקלעכע ווילדקײַט אויפן גרויסן חזיר וואָס איז געשטאַנען פאַרלוירן, פאַראורטיילט, צווישן מאַרטאַן און דעם ריזיקן באַלעבאָס וואָס האָט אין די הויך־אויסגעשטרעקטע הענט געהאַלטן אַ האַק. אין דעם מאָמענט

האָט דער בלישטשעדיקער קלינג אַ לויף געטאָן קעגן דער זון און איז מיט אַ געוואַלדיקע מאַכט געפאַלן אויפן חזירס קאָפּ. די וואַרעמע קאַמער מיט אירע דער־שראָקענע קינדער, דאָס בערגל מיסט און דער באַלעבאָס וואָס האָט געשמעקט מיט זויערקייט און קאַרטאָפליע־שאָלעכץ האָבן זיך אַ וויג געטאָן און געפאַלן. באַליעק האָט אַ צי געטאָן דאָס לאַנגע מעסער און עס אַרײַנגערוקט אין חזירס קאַרק. די חיה האָט מאָמענטאַל דערפילט דעם שנײַדיקן ווייטאָג אין די אָפּגעטעמפטע געהירן, האָט אַ ריטשע געטאָן מיט שרעקלעכע קולות, זיך געריסן, געוואָרפן... „ניין!... ניין!" באַליעק האָט ניט אָפּגעלאָזט דאָס מעסער. מיט דער גאַנצער מאַכט פון זײַנע אײַזערנע הענט האָט ער עס געדריקט אַלץ טיפער אין פלייש פון דער ריזיקער חיה. „ניין! ניין! איך וויל לעבן!" — האָט דאָס חזיר געליאַרעמט, געקלאַגט, און די קולות האָבן זיך שווער געלייגט איבערן וועלדל ווי בייזע, טונקעלע כמאַרעס...

אין צווייטן עק וועלדל האָבן די אידישע קולות זיך גענומען לעשן. די זינגערס האָבן ניט געוואָלט אַז זייער שירה זאָל זיך אויסמישן מיט די גרויליקע קוויטשע־רײַען פון אַ חזיר וואָס מען האָלט אין קוילן. די הייטערקײַט און דער שמחהדיקער טאָן זײַנען גיך פאַרביטן געוואָרן דורך אַ קאַלטע, געדריקטע שטימונג.

„פאַרשטערט אונדז דעם ערשטן שבת אין אָפּעליע!"

„אַ כיטרער שפּיצל פון אַ מיאוסן חזירניק!"

„אַ שכור! אַ שונא ישׂראל! וואָס דערוואַרט איר פון אים?"

„אַפילו די גויים קענען אים ניט פאַרטראָגן!" האָבן זיך געהערט שטימעס. די מער שפּירעווודיקע ליעטניקעס האָבן שווײַגנדיקע, געפּלעפּטע, אָפּגעבונדן די האַמאַקעס און מיט אײַליקע טריט זיך געלאָזט אין דאָרף אַרײַן.

# דער קאַצעטניק הערשל פענסטער און דער קירכע־גלאָק

דעם גאַנצן פירמאַרגן זײַנען גרויע וואָלקנס געהאַנגען איבערן וואַלד און טאַרטאַק. זיי זײַנען געלעגן שווער, עקשנות׳דיק, און אַפילו מיט קיין איין טראָפּן רעגן ניט געמילדערט די דושנע וואַרעמקײַט וואָס אויף דער ערד.

הערשל פענסטער האָט ווי אַלע אַנדערע קאַצעטניקעס וואָס האָבן געאַרבעט אין־און־אַרום דעם טאַרטאַק זיך באַמיט ניט צו ווײַזן דעם מינדעסטן סימן פון מיד־קײַט כאָטש דער שווייס איז פון אים גערונען און דער טרוקענער האַלדז האָט געדורשט נאָך וואַסער. ער האָט געטראָגן די שטויסן ברעטער ווי נאָר זיי זײַנען אַרויס פון די שאַרפע, גיך־שנײַדנדיקע זעג־ציינער און זיי אָוועקגעלייגט אין גראַדע שורות אויפן טראָק וואָס איז געשטאַנען אין פראַנט פון טאַרטאַק. בײַם טראָק איז

געשטאַנען דער ס. ס. האַנס. ער איז געווען קורץ און דיק. די גאָלדענע קנעפּ האָבן געפינקלט אויף זײַן שוואַרצן, גוט־געפּאַסטן מונדיר. אַ דינער שמייכל האָט זיך אײַנגעשניטן אין דעם דײַטש׳ס רויט, פליישיק געזיכט. „האַנס איז אַ ביסל שיכור, ווען ניט וואָלט ער ניט געשמייכלט. זעלטן־ווען אַז ער טרינקט, נאָר אַז ער נעמט אַ כוס׳ע ווערט ער תמ׳עוואַטע״, — האָט הערשל געטראַכט נאָכדעם ווי ער האָט מביניש און בליץ־שנעל אַ בליק געטאָן אויפן דייטש. ער האָט מיטאָמאָל דערפילט אַן אָנלויף פון פרישע כוחות אין זײַן מאָגערן, אויסגעמאַטערטן קערפּער.

הערשל האָט מוטיק אַ הייב געטאָן אַ שטויס ברעטער און לאָזנדיק זיך צום טראָק האָט ער ווידער געטראַכט: „עס איז גוט וואָס דער וועטערינאַר האָט אָפּגעשלאָסן די כלבים. איינעם פון זיי האָט אַ וואָלף אַ ביס געטאָן און דער כלב ווײַזט סימנים פון הידראָפאָביע. קיין בעסערע געלעגנהײַט צום אַנטלויפן וועט אַזוי גיך ניט זײַן״...

אין דער רגע האָט ער דערזען אין דמיון זײַן אומגעקומענעם פרײַנד וועלוול פּאַטראַווע, ווי ער הענגט אַ שרעקלעך־צעשלאָגענער, אַ צעבלוטיקטער פון אַ בוים, נאָכדעם ווי די ס. ס.־לײַט האָבן אים געכאַפּט בײַם אַנטלויפן פון לאַגער. אַ מורא איז אים באַפאַלן. עס האָט זיך אים געדאַכטן ווי מעכטיקע דלאָניעס וואָלטן אים געשטיקט בײַם האַלדז. די הענט זײַנע האָבן אַ ציטער געטאָן און דער שטויס ברעטער איז שיער, ניט אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. אָבער הערשל האָט זיך תיכף געשטאַרקט און האָט פאַרטריבן די מורא ווי מען פאַרטרײַבט אַ בייזן הונט. ער האָט גיך זיך אַ לאָז געטאָן מיט דער משׂא ברעטער און זיי רואיק אַוועקגעלייגט אויפן טראָק. כאָטש דער דײַטש איז געווען האַלב־שכור האָט ער דאָך דערשפּירט דעם איד׳ס צעטראָגנקײַט. ער האָט אַ באַוועג געטאָן מיטן אָרעם אַז ער זאָל בלײַבן שטיין און האָט אַוועקגעלייגט זײַן קליינע, דיקע דלאָניע אויף אַ ווײַסע גלאַטע ברעט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצײַגן צי דאָס האָלץ איז עכט און האָט מיט שפּאָטישע, קאַלטע אויגן געקוקט אויפן קאַצעטניק. האַנס האָט הנאה געהאַט פון איד׳ס אומזיכערקײַט און שרעק וואָס ער האָט גורם געווען און מיט אַ עטוואָס הייזעריקע שטימע אויסגערופן: „הויטע איז געוויס ניט דער שענסטער טאָג, אָבער די אידן באַקלאָגן זיך אימער אַז דאָס וועטער איסט שלים. פילײַכט דאַרף מען זיי שיקן אויף באַרג־קוראַציע אין דער שווײַץ. שנעלער יודע־פּוילענצער!״ און דער דײַטש האָט אַ לאַך געטאָן מיט אַ קוויטשיק געלעכטערל. „יאַוואָל הער קאָמאַנדיר!״ — האָט הערשל אויסגערופן מיט אַ טונקעלע, פריטשמעלעטע שטימע. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און מיט גיכע טריט איז ער אַרײַן אין טאַרטאַק און הענדום־פּענדום, צוריקגעקומען מיט נאָך אַ גרעסערן שטויס ברעטער ווי ער האָט פריער געטראָגן. האַנס האָט צופרידן געשמייכלט און מיט ניט גלײַכע טריט איז ער אַוועק אין דער ריכטונג פון אַ נאָר־וואָס אָנגעקומענעם טראָק געלאָדן מיט ביימער־שטאַמען פאַר דער טאַרטאַק־זעג. הערשל האָט אָפּגעאָטעמט און געטראַכט: „אַ שכורער דײַטש

וועט מיך ניט צעטרעטן. כ׳וועל מער ניט וואַרטן. מיט וואָס בין איך בעסער פון אַ סאָלדאַט וואָס געפינט זיך אויף אַ קאַמף־פּאָזיציע? פריער אָדער שפּעטער וועלן אונדז די דײַטשן סײַווי טויטן״... ער האָט אָװעקגעלייגט דעם שטויס ברעטער, אַ פּיר געטאָן מיטן בליק איבערן אַרום און זיך געלאָזט לויפן אין דערנעבנדיקן וואַלד אַרײַן.

הערשל איז קוים אָפּגעלאָפן אַן ערך דרײַסיק צי פערציק טריט ווי ער האָט דערהערט שאַרפע, דײַטשע קוויטשערײַען און אומצאָליקע שאָסן האָבן געלעכערט די וואַלדיקע מאָרגן־שטילקײַט, קוילן זײַנען נאָענט פון אים פאַרבײַגעפלויגן מיט אַ בייזן זשומען און מיט אַ שאַרף אַרײַן אין קוסטעס און גראָזן. ווידער אַנדערע זײַנען מיט אַ דריבנעם סטוק געזונקען אין שטאַמען פוןביימער אוןביימלעך. „איצט אָדער קיינמאָל״ — האָט הערשל געטראַכט און איז מיט אַלע זײַנע כּוחות געלאָפן איבערן גליטשיקן, וואַלדיקן באָדן אויף וועלכן עס זײַנען געוואַקסן יונגע און אַלטע קלאָנעז, ווערבעס, בעריאָזקעס, דאַרנדיקע קוסטעס און הויכע גראָזן. גאַר אָפט זײַנען די יונגע ביימלעך געשטאַנען נאָענט איינס פון אַנדערן ווי זיי וואָלטן אין בוימיקער נאָענטקײַט געפונען שוץ פון שטאַרקע ווינטן, אָבער מיט זייערע צווײַגן און צווײַגלעך האָבן זיי געלאַנגזאַמט הערשל פּענסטער׳ס לויפן. נישט איינמאָל האָט ער געמוזט זיך דורכרײַסן מיט כּוח דורך אַ לעשטשינע געדיכטעניש ווי מען רײַסט זיך דורך אַ צוים. הערשל איז געוואָרן מיד פון לויפן און דער דורשט האָט געברענט זײַן מויל און האַלדז. אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט ער זיך געפרייט וואָס מיט יעדן טראָט דערווײַטערט ער זיך אַלץ מער פון דײַטשן מאָרד־לאַגער. מיטאַמאָל האָט אַ וואַסערל מאַט אויפגעלויכטן קעגן זײַן בליק. ער איז אײַליק צוגעלאָפן צום שמאָלן טײַכל, זיך אַנידערגעלייגט אויפן בויך און געזשלאָקעט דאָס קילע, ריינע וואַסער...

הערשל האָט זיך ראַפּטעם אויפגעהויבן ווי עמעצער וואָלט אים אַ שמיץ געטאָן מיט אַ בײַטש, ער האָט דורכגעשפּרייזט דאָס פלאַכע וואַסער און איז געלאָפן ווײַטער. אין דעם טייל וואַלד איז דער באָדן געווען העכער, טרוקענער. די יונגע און אַלטע בלעטער־ביימער זײַנען פאַרשוואונדן און זייער אָרט האָבן פאַרנומען הויכע, שטאַרקע סאָסנעס אַרום וועלכע עס האָבן זיך געטוליעט זייערע קינדער — יונגינקע נאָדל־ביימלעך. דאָ איז געווען גענוג רוים זיך צו באַוועגן און לויפן שנעל. די שטאַלצע, שיינע נאָדל־ביימער האָבן דערלויבט די גרויסע באַשפּעניש אויסצו־שפּילן זייערע דראַמעס. די זון האָט אויפגעהעלט, הערשל האָט זיך דערמאָנט אַז ווען ער האָט ווי אַ קינד געליטן פון אַ שווערע פאַרקילונג, האָט די גוט־האַרציקע באַבע מאַליע אים גענומען צו זיך אין דאָרף אַרײַן וואו זי האָט געוואוינט אין אַ קליינע, הילצערנע הײַזקע, אַרומגענומען מיט ענלעכע סאָסנעס... „ג־ט, ס׳אַרא אונטערשייד אין צײַט און אומשטענדן״, — האָט ער ביטער געטראַכט און עטלעכע טרערן זײַנען געפאַלן אויף זײַן געזיכט.

די הייסע יולי־זון איז אַריבער דעם הימל׳ס צענטער. די שטראַלן האָבן קרום גענידערט. „שוין נאָכמיטאָג״, האָט ער געגעבן אַ מורמל. ער איז געווען דערשעפּט פון לויפן און גיכן גיין און דער הונגער האָט אים גענאָגט בײַם האַרץ. הערשל האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַ וואָרצל פון אַ בוים און איז אַנידערגעפאַלן. ער איז אַ לענ־גערע רגע געלעגן אויף ווייכן, מאָכיקן באָדן, אין שאָטן פון אַ דיקער, הויכער סאָסנע. עס האָט זיך אים געדאַכט אַז דער פּילצוויַגיקער ריז וואַכט איבער אים . . .

„אַ פאַרפירערישער חלום. די ס. ס.־באַנדע זוכט מיך געוויס אַרום״, — האָט ער געטראַכט. ער האָט גיך אויפגעקליבן שוועמלעך און שוואַרץ־בלויע יאַגאַדעס, וואָס זײַנען בשפע געוואַקסן נעבן אים, אָנגעפילט מיט זיי דאָס מויל, נערוועז געקײַט די זאַפטיקע, זיסע מאַסע און זי גיריק אַראָפּגעשלונגען. הערשל האָט זיך דערפילט אַ ביסל קרעפטיקער און אויך מוטיקער. ער האָט גיך אויפגעגעסן נאָך אַ פולע דלאָניע יאַגאַדעס און שוועמלעך און איז אַוועק ווײַטער. נאָך אַן ערך אַ שעה גיכן גיין איז ער צוגעקומען צום עק פון וואַלד. וועגן זיכערקײַט האָט ער זיך צוריקגעצויגן עטלעכע טריט, זיך אַוועקגעזעצט הינטער אַ קוסטע און פאַרזיכטיק געקוקט אויפן אַרום. מערערע פויערישע כאַטעס זײַנען געלעגן צעוואָרפן אויף אַ גרעסערן שטח גרינס און זאַמד. אייניקע זײַנען געווען באַדעקט מיט שטרוי און אַנדערע מיט דאַכואַווקעס. די קליינע פעסטער־שויבן האָבן הערשלען דערמאָנט אין האָנטעס צאָרנדיקע, האַלב־שכורע אויגן. אויף דער רעכטער זײַט פון דאָרף איז אויף עט־וואָס אַ העכערן באָדן געלעגן ווי אַ מת אויף אַ טיש — אַ צעמענטאַר און צווישן צעמענטאַר און וואַלד האָט זיך געטוליעט אַ קליינע קירכע. „אַ פּויליש דאָרף . . . אויך זיי ווערן פאַרפאָלגט און אַפילו געמאָרדעט, באַזונדערס די אינטעליגענץ, דאָך זײַנען וויניקע פּאָלאַקן אונדזערע פרײַנט״, — האָט הערשל פענסטער געטראַכט מיט פּײַנלעכן באַדויער. ער האָט מיט קנאה געקוקט אויף די פויערישע כאַטעס וואו די אײַנוואוינער קענען רוען און שלאָפן וויפל און ווען זיי ווילן, אויף די פּאַסמעס רויך וואָס טראָגן זיך פון די קוימענס און דערציילן פון וואַרעמען געקעכץ און וואַרעמען טיי און ער האָט אין דמיון געזען ווי פויערישע פאַמיליעס זיצן אַרום טישן און עסן צו דער זעט פּשוטע וועטשערע־עסנס וואָס פאַרען פון גרויסע שיסלען. ערשט איצט האָט הערשל געפילט ווי מיד און דערשעפּט ער איז. די פיס האָבן אים וויי געטאָן און די אויגן וואָס האָבן די לעצטע צוויי יאָר געזען אומענד־לעכע רשעות האָבן געלעכצט נאָך אַ ביסל שלאָף. ער האָט דעם מאָגערן קערפּער וואָס איז געווען צעקראַצט פון צאָרנדיקע קוסטעס און שטעכיקע ביימלעך געטוליעט צום וואַלדיק־מאָכיקן באָדן ווי ער וואָלט געוואָלט ווערן איינס מיט אים און ער האָט אַגנסטיק געטראַכט — „ניט איין אַנטרונענער קאַצעטניק איז דער־מאָרדעט געוואָרן אין וואַלד צי אין פעלד מחמת ער איז ניט געווען גענוג וואַכזאַם און האָט ניט באַהערשט דעם חשק צו שלאָפן. מײַנע אויגן חלשן נאָך אַ ביסל שלאָף, דאָך וועל איך נישט נאָכגעבן דער תאווה. כ׳וועל עטוואָס אויסרוען די ביינער און

נאָך אײדער די דאָרפסלײַט װעלן אַרויס פֿון די בעטן װעל איך זיך לאָזן גײן װײַטער. װאוהין װײַטער?״ — האָט ער זיך געפֿרעגט און תּיכּף געענטפֿערט: „װאָס װײַטער פֿון מאָרד־לאַגער און פֿון די ס. ס. און זײערע מיטהעלפֿערס װאָס יאָגן זיך נאָך מיר װי װילדע הינט. אפֿשר װעל איך זײַן מזלדיק און ערגעץ־װאו, אין אַ זײַטיקן שטילן דערפֿל װאָס איז צופֿעליק ניט געװאָרן צעטראָטן דורך די שטיװל און טאַנקען פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע װעל איך אָנטרעפֿן אויף אַ פּויער מיט אַ האַרץ אין װעמענס פֿעלד, סטאָדעלע און שטאַל כ׳װעל אַרבעטן מיט אַלע מײַנע כּוחות פֿאַרן לױן פֿון אַ ביסל עסן און אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַזױ אַרום איבערלעבן די גרויליקע מלחמה־יאָרן״...

הערשל האָט אָפּגעבױגן אַ צװײַגל פֿון דער קוסטע הינטער װעלכער ער איז געלעגן און האָט לשם זיכערקײַט װידער אַ קוק געטאָן אויפֿן דאָרף און צמענטאַר. די עטלעכע רייען צלמים אויפֿן צמענטאַר האָבן אין הערשלס פֿאַנטאַזיע אויסגעזען װי װײַסע קרוליקעס און דער קירכע גלאָק האָט אין רויטן ליכט פֿון שקיעה געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ רויטע באַרנע. די פּאַסמעס רויך איבערן דאָרף זײַנען פֿאַרשװאונדן. בײַם אַרײַנגאַנג פֿון אַ שטאַל האָט אַ פּױערטע געמאָלקן אַ קו און נעבן ברונעם װאָס אין דער מיט פֿון דאָרף האָט אַ יונגער פּױער אָנגעטרונקען אַ פֿערד. די זון איז פֿאַרגאַנגען און עטלעכע פֿענסטער האָבן אױפֿגעלױכטן מיט אַ בלאַס ליכט. ליגנדיק אויף דער זײַט און אָבסערװירנדיק יעטװעדע כאַטע, שטאַל און סטאָ־דעלע, האָט הערשל פּלאַנירט װיאַזױ ער װעט אונטערן קאַמופֿלאַזש פֿון דער געדיכטער שורה יאָדלעס װאָס ציט זיך פֿאַזע דעם צמענטאַר פֿאַרבײַגײן דאָס דאָרף אַזױ אַז קײנער זאָל אים ניט באַמערקן און דאַן זיך לאָזן מיטן פֿליען אין די מרחקים...

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פֿון אַ גלאָק. „דאָס בין איך דער גלאָק פֿון דער דאָרפֿס־קירכע״, — האָט הערשל געהערט אַ מעטאַלענע שטימע רעדן. „זעסט אויס זײער מיד... װער ביזטו און פֿון װאַנען קומסטו?״

„איך בין אַ ייד, איך בין אַנטלאָפֿן פֿון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. כ׳באַהאַלט זיך דאָ אויס פֿון די דײַטשע מערדער און זײערע מיטהעלפֿער״, — האָט הערשל געענטפֿערט: „די אָנפֿירער פֿון לאַגער זײַנען נידעריקע, געװיסנלאָזע מענטשן. מן־הסתּם זײַנען זײ פּאַגאַנער״ — האָט דער גלאָק געזאָגט.

„נײן!״ — האָט הערשל גיך געענטפֿערט. „זײ זײַנען קריסטן. זײ קומען פֿון קריסטלעכע הײמען און זײ היטן־אָפּ קריסטלעכע פֿײַערטעג״.

„זײַנען זײ טאַקע אַזױ ברוטאַל? אַזױ גרויזאַם?״ — האָט געפֿרעגט דער גלאָק. „זײ טוען אָפּ שרעקלעכע זאַכן צו די געפֿאַנגענע און באַזונדערס צו אונדז, אידן. מענער, פֿרויען און קינדער קומען דאָרט אום אין גאַז־קאַמערן״, — האָט הערשל געענטפֿערט. „װײ, װײ, אונדזער האַר איז געבוירן געװאָרן אין אַ אידיש הויז, פֿון אידישע טאַטע־מאַמע״, — האָט צוגעגעבן דער גלאָק.

„אַבער געוואָרן איז האַס, אַ קראַנקער האַס צו אונדז אידן״, — האָט הערשל אויסגעפירט.

„ווײ, ווײ״, — האָט דער גלאָק געיאָמערט און זיך אומרואיק געוויגט.

דער גרויסער צלם וואָס איז געשטאַנען אויפן קירכע־שפּיץ האָט געצאַרנט אין אָונטיקן ווינט: „וואָס איז מיט דיר גלאָק? מיט וואָס פאַרא נאַרישקײַטן פאַרנעמסט זיך הײַנט? קלינג העכער! שטאַרקער״!.

ווי נאָר דער טאָג האָט גענומען גרויען, האָט הערשל זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

# בערנאַרד שאַפּיראָ

אין אַ שיינעם, פרילינגדיקן טאָג איז בערנאַרד שאַפּיראָ — אַנשטאָט צו שפּאַצירן אויף דעם האַדסאָן־דרײַוו, ווי ער איז זיך נוהג זינט ער איז אַריבער אויף פּענסיע — געזעסן אין איינעם פון די קליינע וואָלט־צימערלעך, וואָס אויפ׳ן אונטערשטן שטאָק פון דער „ניו יאָרקער באַנק״ און לאַנגזאַם דורכגעקוקט זײַן באַזיץ, וואָס אין בטחון־קעסטל. אַ באַזונדערן אינטערעס האָט ער געווידמעט די צוויי באַנק־ביכלעך. מיט נײַגעריקע, הנאה׳דיקע אויגן האָט ער געלייענט די נעט־געטײַפּטע ציפערן אויף די גלאַטע זײַטלעך וואָס דערציילן וועגן וואוקס פון זײַנע אָפּשפּאָרונגען זינט ער איז מיט פערציק יאָר צוריק געקומען אין דער קאָלומבוס־מדינה.

בערנאַרד שאַפּיראָ האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט אַן אײַליקן בליק אויף די ציפערן. ער האָט מיט אַ קאַליגראַפישע האַנט פאַרצייכנט אויף אַ ווײַס, גלאַט באַנק־פּאַפּיר די דאַטע פון זײַן באַזוך אין באַנק, און עטוואָס נידריקער האָט ער אויפגעשריבן לאַנגע רייען ציפערן, דאַן זיי צוגעגעבן און די טאָטאַלע סומע אויסגעלייגט אין גרויסע ציפערן, — אַ סכום פון 26,335 דאָלאַר!

ער האָט אַוועקגעלייגט די פּען און קוקנדיק אויף די גרויסע ציפערן האָט זיך אים געדוכט, אַז זיי לאַכן און קוועלן פון די קליינע ציפערן, וואָס זעען אויס ווי פּיצעלעך מוראַשקעס.

שאַפּיראָ האָט געשמייכלט פון זעלבסט־צופרידנקײַט און דערבײַ געטראַכט: „הלוואי וואָלט מײַן בייזער שטיף־טאַטע נאָך געלעבט! מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן וואָלט איך אים אַרײַנגענומען אין דעם קליינעם באַנק־צימערל און אים געוויזן די גרויסע ציפערן, וואָס דערציילן פון מיזאַמע פּראַצע און עקאָנאָמישן אויפשטײַג. ווי ער וואָלט זיך פאַרשעמט! ער האָט דאָך געהאַלטן אַז איך, דער חלומער און טראַכטער, טויג צו גאָרנישט און וועל שטאַרבן אַ ברויטלאָזער אין אַ

ווינקל פון גאַס... אַנשטאָט צו זײַן בייז וואָלט ער מיך געגלעט מיט זײַנע ביינער־דיקע, קאַלטע הענט, ווען עמעצנס קלעפּ איך האָב נישט איינמאָל געפילט אויף מײַן יונגן קערפּער..."

זײַענדיק אין אַ געהויבענער שטימונג וואָס פּאַסירט נישט אָפט ווען מ'איז אין די שפּעטע זעכציקער, האָט ער נאָכאַמאָל אַ נישטער געטאָן אין קעסטל. פון אונטער אַ פּעקעלע וואָס איז באַשטאַנען פון בירגער־פּאַפּירן, דרײַ פּאַספּאָרטן מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט אויף זײַנע רײַזעס און אַ בינטל פאָטאָגראַפיעס, האָט ער אַרויס־געצויגן אַן אַלטן בריוו וואָס לויט דער דאַטע פון דער פּאָסט איז ער אָנגעקומען מיט אַ קנאַפּן יאָר צוריק.

„אַ בריוו פון אַ קוזין און פרײַנט פון ישׂראל און כ'האָב אים אַפילו נישט געענטפערט. די לעצטע עטלעכע יאָר בין איך געוואָרן אַ טשודאַק. כ'פיר זיך אויף מאָדנע..." האָט ער זיך פאַרגעוואָרפן מיט אַנגסט. ער האָט אַרויסגענומען דעם בריוו פון דער קאָפּערטע און גענומען לייענען:

„ליבער קוזין ברוך:

האָסט געפרעגט וועגן אונזער לעבן אין קיבוץ. איז קען איך דיר שרײַבן, אַז אונדז גייט גאַנץ גוט. די אינפלאַציע און דער יקרות מײַדן אונז אויס. מיר עסן און טרינקען נישט ערגער פון דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער און דערצו לעבן מיר מיט דער אידייע פון אויפבויען אונזער לאַנד. אַגב, קריגן מיר פרייע מעדיצינישע הילף און פונקט אַזוי פרײַע דערציאונג און פאַרווייַלונג פאַר די קינדער. דאָס איינציקע פּראָבלעם איז די זומערדיקע היץ. די נגבֿ'ישע ערד גליט ממש אין זומער און איך בין נאָך אַלץ פאַרליבט אין ווײַס־שטאָמיקע בעריאָזקעס און אין אַ געדיכט־פאַלנ־דיקן שניי... דאָך פּאַסן מיר זיך צו. דאָ איז אונזער היים..."

שאַפּיראָ האָט אַ שמייכל געטאָן און געטראַכט: „דער אַמאָל־באַקאַנטער קאָמו־ניסט יאַן פינקעלשטיין, ווען די שרעקלעכע צעלן אין דער שעדלעצער טורמע זײַנען געווען גוט באַקאַנט, איז הײַנט אַ טרײַער בויער פון ציון. אומגעוויינלעך!"

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און ממשיך געווען דאָס טראַכטן. מיטאַמאָל האָט ער זיך דערזען ווי ער גייט פון אַ דאָרפישער באַן־סטאַנציע לענגאויס דעם שאָסיי וואָס פירט צו אַ קליין, הילצערן הויז וואָס געפינט זיך אויף אַ זאַמדיק בערגל וואו ס'וואוינען און אַרבעטן אין חבר'שאַפט מיטגלידער פון דער חלוצים־באַוועגונג, לערנען העברעאיש און אידישע געשיכטע און גרייטן זיך צו דער עליה אין היסטאָ־רישן, צוגעזאָגטן לאַנד, וואו אידן לעבן פרײַ פון פאַראורטייל און שׂנאה...

דער מאַרגן איז געווען אַ קאַלטער און אַ דריבנע, האַרבסטיק רעגנדל איז געפאַלן, און ער, ברוך שאַפּיראָ, — ווי ער האָט אַמאָל געהייסן, — האָט מיט דער רעכטער דלאָניע און אָרעם געדריקט צו זיך אַ קליין פּעקעלע וועש און עסנוואַרג וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן און אַזוי אָרום עס באַשיצט פון ווערן נאַס. ווידער די לינקע דלאָניע איז געלעגן אין קעשענע און געהאַלטן דעם וויכטיקן בריוו

פון דער חלוצים־צענטראַלע, וואָס באַפּולמעכטיקט אים צו ווערן אַ חבר אין דער הכשרה־קאָלאָניע...

נאָך אַ האַלבער שעה גיין איז ער אָנגעקומען צו אַ זאַמדיק בערגל, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען אַ הילצערן, צוויי־פענסטערדיק הויז. ער האָט פּאַוואָליע געעפנט די טיר און איז אַרײַן אינווייניק. עטלעכע רגע'ס איז ער געשטאַנען בײַ דער טיר און געקוקט אויף די חברים און חברות וואָס זײַנען געזעסן אַרום אַ לאַנגן טיש און געגעסן פרישטיק וואָס איז באַשטאַנען פון שוואַרץ ברויט און וואַרעמע טיי. אויף דער וואַנט קעגן וועלכער ס'איז געשטאַנען דער טיש מיט די עסנדיקע, נאָר הויך איבער זיי, זײַנען געהאַנגען צוויי גרויסע בילדער. איין בילד האָט פאַרגעשטעלט דאָס געשטאַלט פון טעאָדאָר הערצל ווי ער שטייט אויף אַ שיף און קוקט מיט גרויסע, פאַרטראַכטע אויגן אויפ'ן וואַסער, און דאָס אַנדערע בילד האָט געוויזן אַ יונגן פויער בײַם אַקערן אַ פעלד. דער שמאָלער פּאַס פריש־צעאַקערטע, טונקעלע ערד און דער פויער מיט'ן אַקער זײַנען געווען אַרומגענומען מיט העל־ברוינעם זאַמד און שטיינער. „נאָך וואָס שטייסטו בײַ דער טיר? קום זעץ זיך אַנידער און טרינק מיט אונז אַ טעפּל טיי", האָט זיך אָנגערופן איינער פון די בחורים. די אײַנ־לאַדונג האָט אים געמאַכט פילן דרײַסטער. ברוך איז צוגעגאַנגען נענטער צום טיש, האָט אַוועקגעלייגט דאָס פּעקעלע און דעם פּאַלטן אויף דער באַנק און זיך אַנידער־געזעצט. „שעם זיך נישט, ס'איז דאָ גענוג טיי און ברויט פעלט אויך נישט", האָט אַ חברה באַמערקט. ברוך האָט זיך דערפילט היימישער. ער האָט זיך אָנגעגאָסן אַ טעפּל טיי, געגעבן אַ טרונק און גענומען קײַען אַ פּעניץ ברויט.

„פון וועלכער שטאָט קומסטו?" האָט די זעלבע חברה געפרעגט.

„פון שעדלעץ".

„אַ שטאָט פון סאָלדאַטן, שוסטערס און פוטבאָל־שפּילערס", האָט אימיצער פאַרטײַטשט.

„אַ סך חברים אין שעדלעץ?", האָט געפרעגט אַ שטימע.

„זעקס און פערציק", האָט ברוך געענטפערט.

„זעקס און פערציק איז אַ פײַנע צאָל. אָבער וואָס קומט אַרויס אַז דער ענגלענ־דער האַלט פאַרשלאָסן דעם טויער פון אונזער לאַנד?!", האָט אויסגערופן מאָשע (משה), דער ראש הכשרה, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל געיאָוועט בײַם טיש. מאָשע איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער מיט שאַרפע געזיכטס־שטריכן. ער האָט אַ בליק געטאָן אויפ'ן נאָר־וואָס געקומענעם חלוץ און באַמערקט:

„דײַן נאָמען איז ברוך שאַפּיראָ, נישט אמת?".

„יאָ, אמת", האָט ברוך שטיל געענטפערט, צושאָקלענדיק מיט'ן קאָפּ.

„האָסט מיט זיך דעם בריוו פון דער צענטראַלע?".

ברוך האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט אַרויסגעשלעפּט פון פּאַלטנס קעשענע אַ צעקנייטשטן בריוו און עס דערלאַנגט דעם ראש הכשרה.

„וועמענס פעקעלע איז דאָס?", האָט מאַשע געפרעגט.

ברוכ׳ס פנים איז רויט געוואָרן און ער האָט שטיל געענטפערט: „דאָס האָט די מאַמע מיטגעגעבן אַ ביסל וועש און עסנוואַרג".

דער ראש הכשרה האָט אַ שמייכל געטאָן, גענומען דאָס פעקעלע אין זײַנע גרויסע דלאָניעס און דערקלערט: „מיר זײַנען קעגן פּריוואַט אייגנטום. אַלץ וואָס איינער פאַרמאָגט געהערט צום קאָלעקטיוו. דאָס איז דער עיקר פון קיבוצישן לעבן דאָ און אין ארץ ישראל". ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זײַן האַנט־זייגערל און אויסגעי רופן: „שוין צײַט צו אַכט! פלוגת עבודה — גייט גלײַך אין טאַרטאַק אַרײַן!"

און באַלד האָט ער צוגעגעבן אין אַ ווייכערן טאָן: „ווײַזט דעם נײַעם חבר ווי אַזוי מ׳אַרבעט אין טאַרטאַק!"

אין אָוונט, ווען די חברים זײַנען געקומען צוריק פון דער אַרבעט איז דאָס הויז געווען צוגערוימט, די נאַרעס פאַרבעט און אין קיך איז אויף אַ קליין פײַערל געשטאַנען אַ גרויסער טאָפּ פול מיט אַרבעס־זופּ, גרייט צו שטילן דעם הונגער פון די חלוצישע איינוואוינער. דער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט טעלערס, טעפּלעך, לעפל, מעסערס, פּעניצן ברויט, ציבעלקעס און מערן. אַ געשמאַקער ריח האָט זיך געטראָגן פון קיך און געריייצט דעם אַפּעטיט. אַ גרויסער נאַפט־לאָמפּ — אַ מתנה פון אַ קרעמער וואָס אין דערנעבנדיקן שטעטל, — איז געהאַנגען פון סופיט און האָט פריילעך באַלויכטן די יונגע, אידעאַליסטישע פּנימער. דער שמועס בעת׳ן עסן האָט זיך באַוועגט אַרום דער אַרבעט אין טאַרטאַק, וועגן דעם נײַ־געקומענעם חבר און מכּוח אַ בריוו וואָס אימיצער האָט געקראָגן פון דער היים. פנינה — אַ קורץ־וואוקסיק מיידל מיט טונקל־ברוינע האָר און אַ וואַרעמע אַלטאָ־שטימע האָט אומגעדולדיק געוואַרט אַז דאָס רעדערײַ זאָל זיך ענדיקן און דער עולם זאָל נעמען זינגען.

„די לאַגע בײַ אונז איז נישט קיין פויגלדיקע", — האָט זי ערנסט געזאָגט צו די חברות וואָס זײַנען געזעסן נעבן איר. „ווי נאָר דער ווינטער קומט וועט זיך אָפּ־שטעלן די אַרבעט אין טאַרטאַק און אין דער קאַסע ליגן געציילטע זלאָטעס... אייניקע חברים וואַרטן אַ לענגערע צײַט עולה צו זײַן, אָבער די סערטיפיקאַטן קומען נישט. זיי זיצן דאָ ווײַל אין זייערע היימען איז דאָ נאָך ווייניקער צו עסן ווי בײַ אונז... טאַקע דערפאַר איז וויכטיק אַז מיר זאָלן זינגען און זיך מאַכן פריילעך. לידער וועגן עליה און ציון שטאַרקן און גיבן מוט..." אין דעם מאָמענט איז דאָס רעדן געוואָרן שוואַכער. „גוט אַזוי", האָט זי באַמערקט און ליריש, געפּילפּול געזונגען:

„מי יבנה הגליל?"

דער חלוצישער עולם האָט דערפילט די שטימונגספולע שיינקײַט פון ליד און געענטפערט: „בחור יבנה הגליל".

פנינה האָט ווײַטער געמאָנט מיט איר איידל־שיינע שטימע:

„מי יבנה תל־אביב?״

און אַלע האָבן געענטפערט אין איין געזאַנגיקער כוואַליע: „בחור יבנה תל אביב״.

אָבער פנינה האָט נישט אָפּגעלאָזט און ממשיך געווען:

„מי יבנה תל חי?״

און ווידער האָט דער עולם טרײַ געזונגען: „בחור יבנה תל חי״.

אברהמ׳ל מעזריטשער, — ווי מ׳האָט אים גערופן לויט׳ן נאָמען פון דער שטאָט פון וועלכער ער איז געקומען — אַ ספּריטנער, לעבעדיקער בחור מיט שאַרפע אייגעלעך און רויטע פיִעגעס אויפ׳ן דינעם פנים, איז אויך געווען פון די בעסערע זינגערס. פנינה׳ס ליריש, זײַדן געזאַנג און די שטימונג וואָס זי האָט געשאַפן בײַם עולם האָבן אָנגעצונדן אין אים אַ שטאַרקן פאַרלאַנג צו זינגען אַ ליד. ווי נאָר זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך פאַרהוסט, האָט ער פאַרשטאַנען אַז ס׳איז גוט פאַר איר זיך אָפּצורוען אויף עטלעכע רגע׳ס און ער האָט גיך אַ זינג געטאָן דאָס פּאָפּולערע חלוצישע ליד:

חלוצים גיכער, חלוצים זיכער,
אוי נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט.
הייבט אויף די פּעקלעך,
הייבט אויף די זעקלעך,
ווײַל דער בויער גייט שוין אויף.

און אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויפ׳ן רעשטל פון ליד:

ואם לא עכשיו אימתי,
ואם לא עכשיו אימתי.
חלוצים גיכער, חלוצים זיכער,
אוי נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט״...

ווי נאָר דער עולם האָט דערשפּירט דעם טאַנץ־ריטם אין דעם חלוצישן ליד האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן מיט אימפּעט און שוואונג פון יונגע לייבן אין אַ האָראַ־טאַנץ. אַזש דער דיל האָט געזעצט ווי אַ פּויק אונטער די טאַנצנדיקע פיס און די שוואַכע, הילצערנע הײַזקע האָט געציטערט... און ער, ברוך שאַפּיראָ, וועמענס לעבן ס׳איז צופעליק אַוועק פון די טאַנצנדיקע, זינגענדיקע, אידעאַליסטישע חלוצים אויף גאַר אַנדערע רעלסן, האָט נישט געקענט מער אײַנזיצן אין דער ווייכער באַנק שטול און גענומען שאַרן מיט די פיס און טאַנצן צום ריטם פון האַסטיקן אַנלויף פון דעראינערונגען...

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דעם אויפזעער׳ס שטים: „מיסטער שאַפּיראָ, מיר פאַרמאַכן שטענדיק דעם וואָלט דרײַ אַזייגער. איצט איז שוין פופצן נאָך דרײַ!״

„סאָרי, פרענק״, האָט שאַפּיראָ ווייך געזאָגט. ער איז אַרויס פון צימערל און געגעבן דאָס בטחון־קעסטל און שליסל דעם אויפזעער. פרענק האָט געשיקט אײַנגעשלאָסן דאָס קעסטל, אַ שמייכל געטאָן און אויסגערופן: „איך באַוואונדער

אײַך אידן. אין דער צײַט ווען נישט־אידן באַקלאָגן זיך אויף שלעכטע צײַטן, טאַנצט איר פון פרייד, ווײַל בײַ אײַך וואַקסן די פּאַרדינסטן. איר זענט אַ פאַלק פון גזווינערס!״...

שאַפּיראָ האָט אַ וואָרף געטאָן אויף אים אַ בייזן בליק. ער האָט געטראַכט: מיאוסער, פאַרדאַרבענער גוי! נאָר געזאָגט האָט ער רואיק: „כ׳האָב נישט געטאַנצט צוליב די פאַרדינסטן. פאַרקערט, כ׳האָב פאַרלוירן גאָר אַ סך. דערמאָנונגען האָבן גורם געווען מײַן טענצל״.

„דערמאָנונגען, אײַ סי״, האָט פרענק פאַלש געשטוינט. בערנאַרד האָט אַ כאַפּ געטאָן פון פרענק׳ס האַנט דעם שליסל, עס אַרײַנגעוואָרפן אין קעשענע ווי מ׳וואַרפט אַרײַן אַ ביליקע מטבע און מיט שפּאַטישע אויגן געקוקט אויף די גראַדע רייען קעסטעלעך, אין וועלכע מענטשן באַהאַלטן געלט, צירונג, טײַערע שטיינער און געטראַכט ווי נישטיק זיי זײַנען אין פאַרגלײַך מיט אַן אינהאַלטסרײַכן לעבן. אַרויסגייענדיק האָט ער געגענעט צו דער ריזיק גרויסער טיר, וואָס מיט איר דיקן שטאָל און שווערע שלעסער היט זי דער באַנק׳ס רײַכטום. ער האָט אַרויפגעלייגט אויף איר אַ מידע, אויסגעאַרבעטע האַנט און שטיל געשעפּטשעט: „מאָדערנער בעל! הבל הבלים׳דיקער בעל! וויפל מענטשן זײַנען עס געפאַלן לויפנדיק נאָכ׳ן רײַכטום וואָס דו היטסט!״

אינדרויסן איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון אײַלנדיקן ניו יאָרקער המון. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דעם געדראַנג און רעש, און אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען בײַ דער וואַנט און געקוקט אויף די פאַרבײַגייער — מענטשן פון פאַרשידענעם עלטער, קאָליר, גלויבן און באַשעפטיקונג. אַ באַטריבטער האָט ער געטראַכט: זיי אַלע ווייסן וואוהין זיי גייען. אַלע האָבן זיי אַ ציל. אָבער וואוהין גיי איך?!

# דער גערטנער וואָס האָט געוואָלט ווערן רײַך

דער גערטנער סעדיה האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן גאָרטן אין וועלכן ס׳זײַנען געוואַקסן אַ סךביימער. פאַרשידענע פרוכטן זײַנען געוואַקסן אויף די ביימער, ווי באַרן, עפּל, פלוימען, קאַרשן, ווײַנטרויבן און ניס. פון אינדערפרי ביזן אָוונט האָט סעדיה געפלעגט דעם גאָרטן, באַוואָסערט יעדן בוים און ביימל, זיך באַמיט אַז זיי זאָלן אַרויסגעבן שיינע, נאַרהאַפטע פרוכטן. זײַנען טאַקע די ביימער אין גאָרטן געווען גרויס און שיין און די פרוכטן האָבן גע׳שמ׳ט מיט זייער גוטן טעם. פרילינג־צײַט איז די לופט אין און אַרום דעם גאָרטן געווען אָנגעזאַפּט מיט גוטע ריחות פון בליעכץ און ווען די פרוכטן זײַנען געוואָרן רײַף פלעגן די אײַנוואוינער פון די אַרו־מיקע דערפער און שטעט זיי גערן קויפן און עסן מיט אַ גרויסע הנאה. דער גערט־

נער און זיין פאַמיליע האָבן גוט געלעבט. דאָך איז ער געווען אומצופרידן מיט זײַנע פאַרדינסטן און ער האָט גע׳חלומ׳ט וועגן ווערן רײַך. בעת זײַנע באַזוכן אין דער נאָענטסטער שטאָט האָבן אים פרײַנט אײַנגערעדט אַז אין דער לעצטער מלחמה האָט דער שׂונא, פאַרן צוריקציען זיך, באַגראָבן אין זײַן גאָרטן אַ סך גאָלדענע רענדלעך. אַז ווען ער וואָלט געגראָבן אין גאָרטן׳ס באָדן וואָלט ער געפונען די גאָלדענע מטבעות און אַזוי אַרום רײַך געוואָרן. האָט דער גערטנער זיך געלאָזט אײַנרעדן און ווען דער פרילינג איז געקומען האָט ער גענומען אויסהאַקן די ביימער און קוסטעס. אַז די ביימער און קוסטעס האָבן דערזען וואָס דער גערטנער טוט, זיינען זיי געוואָרן טרויעריק און מיט ציטערדיקע שטימעס געפרעגט: „האָסט דאָך שטענדיק אונדז טרײַ געפלעגט אַז מיר זאָלן אויסוואַקסן גרויסע, שיינע ביימער און אונדזערע פרוכטן זאָלן זײַן נאַרהאַפט און באַ׳טעמ׳ט, איז פאַרוואָס צעשטערסטו אונדז?״

דער גערטנער האָט אויף אַ רגע אָוועקגעלייגט די האַק און געזאָגט: „איך בין מיד געוואָרן פון אַרבעטן שווער. כ׳וויל ווערן רײַך און דערפאַר האַק איך אײַך אויס כדי כ׳זאָל קענען צוקומען צו די אומצאָליקע גאָלדענע רענדלעך וואָס ליגן באַ־גראָבן אין דער ערד. מײַנע פרײַנט האָבן מיר דערציילט אַז בעת דער לעצטער מלחמה האָט דער שׂונא פאַרן צוריקציען זיך באַגראָבן אין גאָרטן אַ מטמון מיט גאָלדענע רענדלעך. אַז כ׳וועל זיי אויסגראָבן וועל איך זײַן דער רײַכסטער מענטש אין קרײַז״.

„שעמסט זיך נישט אַ תּל צו מאַכן פון דײַן גאָרטן וואָס האָסט אויפגעבויט נאָך אַזויפיל יאָרן פון חלומות און שווערע אַרבעט? וואָס פאַראַ גערטנער טוט דאָס אַזאַ זאַך?״

האָבן די ביימער און קוסטעס געענטפערט און מיט שרעק זיך אַ נייג געטאָן אין ווינט.

דער גערטנער האָט אָוועקגעשלעפּט אַ נאַר־וואָס אָפּגעזעגטן קאַרשן בוים, אָוועקגעלייגט אים אויף אַ בערגל ביימער און קוסטעס און מיט אַ נידריקע שטימע זיך פאַרענטפערט: „די קינדער מײַנע ווערן גרעסער, זיי עסן מער ווי אַפריער און זייער אָנטועכץ ווערט אויף זיי קורץ און שמאָל. דערצו איז מײַן פרוי נישט מיט אַלעמען און דאָקטוירעם און רעצעפּטן קאָסטן אַ סך. אַז איך וועל אויסגראָבן די גאָלדענע מטבעות וועל איך זיי פאַרקויפן דעם יובעליר וואָס אין דער נאָענטער שטאָט און קריגן פאַר זיי אַ גרויסע סומע געלט״...

די ביימער און קוסטעס האָבן זיך אַ נייג געטאָן פאַרן גערטנער און מיט בעטנ־דיקע שטימעס גע׳טענה׳ט: „ביז־אַהער האָסטו מיט דײַן פרוי און קינדער געלעבט אַ שיין, שטיל לעבן. איר האָט אַלץ געהאַט וואָס איר האָט באַדאַרפן. איז נאָכוואָס דאַרפסטו דאָס מיטאַמאָל רײַך ווערן? טו דײַן אַרבעט אין גאָרטן ווי ס׳טוט יעדער גערטנער, וואָרעם ס׳איז איצט פרילינג אויף דער וועלט און מיר ביימער וועלן פאַר

דײַן אַרבעט דיר באַלוינען מיט נאַרהאַפּטע, געשמאַקע פּרוכטן". אָבער דער גערט־נער האָט זיך נישט צוגעהערט צו די ביימער און קוסטעס. ער האָט אויסגעשניטן איין בוים נאָכן אַנדערן און נאָכדעם האָט ער אַרויסגעריסן די וואָרצלען. ערשט דאַן האָט ער זיך געלאָזט גראָבן די ערד מיט אַ רידל. ער האָט געגראָבן און געגראָבן אָבער קיין איין גאָלדענע מטבע נישט געפונען. דער פרילינג איז גיך אַוועק און דער זומער איז געקומען. די אייגנטימער פון די פּרוכט־געוועלבער אין דער געגנט זיינען געקומען צו סעדיהן קויפן קערשן ווי זיי פלעגן זיך נוהג זיין אין דער צייט, יאָר־אײַן יאָר־אויס. ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט אַז ער האָט צעשטערט דעם גאָרטן, זײַנען זיי ענטוישטע, ביטערע, אַוועק אַהיים. אין גערטנער'ס הויז איז די שטימונג געווען אַ געדריקטע. קיין געלט איז נישט אַרײַנגעקומען. די פּאָרציעס עסן זײַנען געוואָרן קלענער. זעלטן ס'האָט ווער פון די קינדער אַ לאַך געטאָן. „ווי, וואָס האָסטו געמאַכט פון אונדזער שיינעם גאָרטן? פון וואָס וועלן מיר איצט לעבן?" האָבן די פרוי און די קינדער געקלאָגט.

סעדיה איז געשטאַנען אין אַ ווינקל אַ פאַרכמאַרעטער און האָט געשוויגן. וואָס האָט ער געקענט ענטפערן? האָט ער דען נישט צעשטערט דעם גאָרטן מיט זײַנע אייגענע הענט? ער האָט זיך דערמאָנט אין זײַן אַלטן טאַטן וואָס וואוינט אין אַ קליין דערפל נישט ווײַט פון אים. אויך דער טאַטע איז אַ גערטנער און לעבט פון אַ קליי־נעם גאָרטן מיט ווייניק ביימער. דער אַלטער טאַטע איז אַ פּשוט'ער דאָרפס־מענטש, ער האָט אָבער אַ גוט, וואַרעם האַרץ. איז כאָטש ער, דער זון, קומט אים זעלטן זען, האָט דאָך דער טאַטע אים זייער ליב. איז וועט ער אים געוויס העלפן מיט וואָס נאָר ער קאָן. אויפן צווייטן טאָג, ווי־נאָר די זון איז אויפגעגאַנגען איז סעדיה אַוועק־געפאָרן צו זײַן אַלטן טאַטן. דער טאַטע האָט זיך זייער דערפרייט ווען ער האָט דערזען זײַן זון. סעדיה האָט אים דערציילט וועגן דער סיבה פון זײַן קומען, ווי די פרײַנט זײַנע האָבן אים אָפּגענאַרט און ווי ר'האָט אויסגעהאַקט אַלע ביימער און קוסטעס אין גאָרטן און אַז איצט האָט ער נישט פונוואַנען צו מאַכן אַ לעבן. „זאָרג זיך נישט מײַן זון", האָט דער אַלטער טאַטע געטרייסט סעדיה'ן. „אויב דו האָסט נאָר חשק צו אַרבעטן וועסטו מיט דער צײַט צוקומען צו אַ גרויסן, שיינעם גאָרטן. ביסט געוויס הונגעריק און דאָרשטיק, איז לאָמיר עפּעס נעמען אין מויל און דאַן וועל איך זען וויאַזוי איך קען דיר העלפן".

נאָכן איבערבײַס האָט דער טאַטע אַרויסגענומען אַ קופּקע געלט פון דער שאַנק, עס געגעבן דעם זון אַז ער און זײַן פרוי און די קינדער זאָלן דערווײַל האָבן וואָס צו עסן און טרינקען. דאַן האָט ער אים אַרומגעפירט אין זײַן קליינעם גאָרטן, אים געהייסן אויסגראָבן די יונגע פּרוכט־ביימלעך וואָס זײַנען פון בעסערן סאָרט כדי ער זאָל זיי איבערפלאַנצן אין זײַן חרובן גאָרטן. סעדיה האָט זיך געפילט שולדיק, דער אַלטער גוטער טאַטע זײַנער וועט דורך אים אפשר עסן ווייניקער, אָדער טראָגן לענגער די אַלטע בגדים וואָס ער פאַרמאָגט. אָבער וואָס פאַרא ברירה

האָט ער? ער האָט אַ הויזגעזינט פון אַ ווײַב און דרײַ קינדער און ער מוז דערפילן זײַנע התחייבותן לגבי זיי. האָט ער גיך אויסגעגראָבן אַ צאָלביימלעך, אויפגעלאָדן זיי אויפן וואָגן, וואָרעם באַדאַנקט דעם טאַטן און האָט אַ יאָג געטאָן דאָס פערדל אַז ס׳זאָל פאָרן וואָס גיכער.

אַז סעדיה איז געקומען אַ היים און האָט דערציילט זײַן פרוי און קינדער ווי פרײַנטלעך דער אַלטער טאַטע האָט אים אויפגענומען און אַז ער האָט אים מיטגע־געבן אַ צאָל יונגע פרוכט ביימלעך אַז ר׳זאָל זיי אײַנפלאַנצן אין גאָרטן, ווי אויך אַ ביסל געלט וואָס זאָל דעקן דעם הויז געזינט׳ס מינימאַלע הוצאות ביז די ביימער וועלן ווערן גרעסער און די פרוכטן צײַטיק, האָבן זיי זיך זייער דערפרייט. אויפצו־מאָרגנס אין דער פרי איז די פאַמיליע אַרויס אין גאָרטן. אַז סעדיה און זײַן ווײַב האָבן דערזען די פוסטקײַט און די שטויסן נאַקעטע פיענעס און צווײַגן וואָס זײַנען פאַרבליבן פון דעם אַמאָל שיינעם גאָרטן, האָט זיי אַ קלעם געטאָן בײַ די הערצער און זיי האָבן זיך צעוויינט. אויך די קינדער וואָס זײַנען געווען אין עלטער פון זעקס, זיבן און נײַן יאָר האָבן געפילט דעם צער פון די טאַטע־מאַמע און זיי האָבן מיט־געוויינט. נאָר באַלד האָבן זיך די עלטערן מיט דער הילף פון די קינדער אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. זיי האָבן גיך אויסגעגראָבן קליינע גריבער אין באָדן און אײַנגעפלאַנצט אין זיי די ביימלעך.

בײַם סוף פון טאָג זײַנען אַלע פרוכטביימלעך געשטאַנען סאָליד, קרעפטיק אין ווינטל וואָס האָט געבלאָזן פון אַרומיקן טײַך און די מאַמע־ערד האָט מיט ליבע אַרומגענומען זייערע יונגע וואָרצלען און גענומען זיי שטאַרקן. אַ געפיל פון שמחה האָט באַהערשט די עלטערן און די קינדער און זיי האָבן זיך אָנגענומען בײַ די הענט און גענומען זינגען און טאַנצן . . .

אָבער די ביימלעך זײַנע יונגע, דינע, און ס׳נעמט עטלעכע יאָר ביז זיי צע־וואַקסן זיך און זײַנען אין שטאַנד צו נערן דעם גערטנער און זײַן משפחה. דערבײַ ווערט דאָס ביסל געלט, וואָס דער ליבער, אַלטער טאַטע האָט גרויסמוטיק געגעבן, אַלץ ווייניקער.

איז אַרבעט איצט סעדיה האַלבע טעג ווי אַ פאַרקויפער אויפן מאַרק וואָס אין נאָענטן שטעטל און די צוויי עלטערע קינדער העלפן צו. ווידער די צווייטע העלפט פון טאָג גיט ער זיך אָפּ מיטן גאָרטן. ער באַוואָסערט די ביימלעך, באַנדאַ־זשירט אַ צווײַג וואָס האָט געקומען אָפּוועלקן מחמת צופיל זון אָדער קעלט און שנײַדט אָפּ די דאַרע צווײַגלעך. אַ טייל פון דעם געלט וואָס ער און די קינדער פאַרדינען גייט אויף אײַנקויפן נײַע פרוכטביימלעך. יעדן מאָל ווען סעדיה פאַר־פלאַנצט אַ נײַ ביימל שמייכלט ער פון פאַרגניגן. אים דאַכט זיך אַז אַלע ביימלעך שמייכלען און לאַכן פון פרייד וואָס נאָך אַ ביימל — זייערס אַ ברודער ווערט אַ טייל פון דעם גאָרטן. און אין די אָוונטן זיצט ער אין אַ שטילן ווינקל פון הויז וואָס איז איצט ווי אַמאָל אַן אָרט פון מנוחה און פרייד און טראַכט ווי שיין דער גאָרטן

וועט אויסזען אין עטלעכע יאָר אַרום, ווי די רויט־פּנים׳דיקע עפּל, באַרן, בלויע פלוימען און שעפּוטאַלן וועלן הענגען פון דיביימער און ער דערמאָנט זיך אין זײַן ליבן, אַלטן טאַטן וועמענס עצה און גוטסקײַט האָבן געהאָלפן ענדערן זײַן לעבן צום גוטן.

# אין אַ האָטעל

אין וועלכער צײַט פון טאָג איר זאָלט נישט גיין איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, שטויסט איר זיך אָן אין אומצאָליקע פאַרבײַגייער און זייער אָפט אין קלענערע צי גרעסערע גרופּעס מענטשן. די גאַסן זײַנען פול מיט אויטאָס, באַסעס און לאַסט־אויטאָס. וואו אײַער אויג זאָל נישט אַ פּיר טאָן, זעט איר הײַזער, געשעפטן, קרעמ־לעך, רעסטאָראַנען. אין געדיכט־באַפעלקערטן צענטער פון שטאָט הייבן זיך צום הימל נײַ־אויפגעבויטע בנינים מיט גראַדע, גלאַטע ווענט געבויט פון פּלאַסטיק, גלאָז, צעמענט און שטאָל. זיי מאַכן דעם אײַנדרוק פון ריזיקע ראַקעטעס וואָס זײַנען אימשטאַנד זיך אָפּצורײַסן פון אונדזער איבערגעפּאַקטער ערד און זיך אַ לאָז טאָן אין די שטויביקע, רויכיקע הימלען וואָס הענגען איבער ניו־יאָרק. כאָטש דער בוי־אימפּעט איז גרויס, זײַנען נאָך אַלץ פאַראַן אַ סך אַלטמאָדישע, קלענערע הײַזער מיט אָרנאַמענטן אויף די ווענט וואָס סטאַטעטשנע, קינסטלערישע הענט האָבן געפורעמט אין אַ רואיקער, געמיטלעכער צײַט. כ׳קען אַזאַ קליין, אַלט הויז אין נידעריקן טייל פון שטאָט וואָס ליגט פאַרטשמעלעט ווי אַ הילפלאָז הויקערל צווישן צוויי הײַזער־ריזן. אין לויף פון טאָג זײַנען די לאָבי און די אָפיסעס אין די צוויי הויכע הײַזער פול מיט ספּריטנעם, לעבעדיקן גערייד פון פאַרקויפערס און קויפערס און מיטן דריבנעם, ריטמישן טײַפּרײַטער־קלאַפּן. בלויז אין די אָוונטיקע שעהן, ווי־נאָר מ׳שליסט די אָפיסעס און די קראָמען, נעמט אַ געדיכטע שטילקײַט זיך שפּרייטן אויף דער דאַון־טאַון־גאַס. זעלטן ווען מ׳זעט אַ פאַרבײַגייער, צי איינעם וואָס פירט זײַן הונט אויף אַ שפּאַציר. ביזן מאָרגן ליגט די גאַס אײַנגעהילט אין שטילקײַט. דאָס קלענערע, אַלטע הויז וועמענס ווענט זײַנען באַפּוצט מיט אָרנאַמענטן פון סלאַווישן כאַראַקטער איז אַ האָטעל מיטן געמיטלעכן נאָמען „גוטע נאַכט״. ס׳וואוינען דאָ באַנאַנד מיט געוויקסיקע, הויך־רעדנדיקע אַמעריקאַנער, שטילע, דערדריקטע אידן וואָס זײַנען געלאָפן פון פאַרפאָלגונג, נערוועז־זשעסטי־קולירנדיקע איטאַליענער פון סיציליאַנער אָרימע דערפער, עטלעכע רוסן מיט גרויע, טראַגישע בערד, אַ צאָל אַלטע בחורים און מערערע אלמנות.

אויף דער צווייטער זײַט גאַס פון האָטעל, אַרומגענומען מיט אַ קראַטן־פאַר־צוימונג, הייבט זיך אַ גרויע, מאַסיווע יוגאָסלאַווישע קירכע. באַלד דערנעבן ליגט אַ

קליינער צמענטאַר מיט אַלטע צלמים און שטיינער, וואו זומער־צײַט גרינען ביימלעך און קוסטעס און די ערד איז באַדעקט מיט גראָז. ווען די פייגל פון דער געגנט ווערן מיד פון די מויערן, אַספּאַלט און געזאַלין־ריחות, קומען זיי דאָ זיך אָפּ־פרישן אין קילן שאָטן פון די ביימער און קוסטעס. נאָך אַ קורצן אָפּרו הייבן זיי אָן אַרומפליען איבערן קליינעם גרינעם שטח, שפּרינגען אַרום, יאָגן איינס דאָס אַנ־דערע און ווי אויף אַ סיגנאַל זאַמלען זיי זיך אויף דעם העכסטן קלאָן וואו זיי פּישטשען בקולי קולות. מיר איז אָבער דערווידער צו זײַן נאָענט פון אַ בית־עולם פון וועלכער ס'איז אמונה צי ראָסע. דאָס וויינען פון די נאָענטע קרובים, די סומנע פּנימער פון פאַרשטאָרבענעמס פרײַנט און דער פּײַנלעכער מאָמענט פון באַגראָבן דעם טויטן דערמאָנען מיר אין דער נישטיקײַט פון מענטשלעכן לעבן. דערצו נאָך האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז נישט לאַנג פאַר מײַן אָנקומען אויף דער שטעלע האָט מען אויפן צמענטאַר געפונען דרײַ גופים, קרבנות פון דער סיציליאַנער מאַפיאַ...

אָבער ווי אויף צו להכעיס קומט מיר לעצטנס אויס צו אַרבעטן בײַנאַכט. דער קלוירק וואָס האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט בײַנאַכט, האָט צוליב זײַן שוואַכן געזונט פאַרלאָזט ניו־יאָרק און איז אַוועק וואוינען אין זײַן געבורט־שטעטל אין פּענסיל־וועניע. דערצו נאָך איז עס ווינטער־צײַט. הײַנטיקס יאָר איז געפאַלן אַ סך שניי. שטיקער אײַז ליגן צוגעפרוירן צום אַספּאַלט און די קאַרס פאָרן דורך דער גאַס פּאַ־וואָליע, פאַרזיכטיק. די קירכע און דער צמענטאַר זײַנען באַדעקט מיט אַ דיקן שיכט שניי, אַזש ס'איז זיי שווער אונטערצושיידן איינס פון אַנדערן. מיר דאַכט זיך אַז אין גאַנץ ניו־יאָרק איז נישטאָ קיין העלערער שניי. אין ערגעץ בליאַסקעט ער נישט מיט אַזאַ קלאָרקײַט. שפּעט בײַנאַכט ווען דאָס הויז איז אײַנגעהילט אין שטילקײַט, יאָגט אַן אומעט פון צמענטאַר און דער קירכע. כ'טראַכט וועגן די לויות וואָס פלעגן זיך טרויעריק ציען איבער דער גאַס און ווי דער קליינער צמענטאַר פלעגט עס ווערן אָנגעשטאָפּט מיט פאַר'צער'טע יוגאָסלאַוון וועלכע האָבן אַמאָל געוואוינט אין דער געגנט. כ'שטעל זיך פאָר דעם באַגרעבער ווי ער פלעגט עס אויסגראָבן אַ גרוב אין דער האַרטער, ניו־יאָרקער ערד און ווי מ'פלעגט אַראָפּלאָזן די טרומנע מיטן מת אין דער טונקלער טיף פון גרוב. נאָר מיטאַמאָל נעמט בושעווען אַ שניי־שטורעם. דער ווינט פאַרנעמט זיך קעגן די הײַזער, בריקן, סלופּעס, באַסעס און קאַרס און באַ־גערט זיי אומוואַרפֿן ווי שפּענדלעך: צעברעקלען אַלץ וואָס מענטשלעכע מי, אַמביציע און גאווה האָבן באַשאַפן. דורך דער גלעזערנער טיר און די פענסטער רײַסט זיך אַרײַן דעם ווינטס בייז אָטעמען און וואָיען גלײַך ווי טויזנטער הונגע־ריקע וועלף וואָלטן געלאָפן איבער די ניו־יאָרקער גאַסן. די שניי־לאַנדשאַפט בײַט זיך שנעל. געדיכט־פאַרשנייטע ערטער ווערן מיטאַמאָל ליידיק און ליידיקע ערטער פאַרוואַנדלען זיך אין בערגלעך שניי. פּלוצעם פאַלט מיט אַ טעמפּן זעץ אַ באַרג שניי אויף דער גלעזערנער טיר. ס'האָט זיך געדאַכטן אַז די טיר ווערט צעבראָכן

אויף פּיצלעך און דעם ווינטערס פּראַסטיק־ווײַסע מאַכט רײַסט זיך אַרײַן אין קליינעם האָטעל.

נאָר מיטאַמאָל הער איך טריט. נעבן מיר וואַקסט אויס דער רוס סאַשאַ, ער קוקט אויפן באַרג שניי וואָס אין פראָנט פון האָטעל, טראַכט אַ ווײַלע און זאָגט: „סאַראַ מאַכט דער ווינטער האָט! נעכטן זײַנען פון הימל געפאַלן קליינע שנייעלעך און הײַנט זײַנען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקן כּוח. איך געדענק אַזאַ שניי־שטורעם אין 1943 ווען מײַן היימלאַנד איז געלעגן אונטערן שרעקלעכן יאָך פון דײַטש״...

ס׳איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר, אַז דער רוס איז גיכער גענייגט צו רעדן וועגן די דײַטשע אַכזריותן איידער וועגן שניי, אַ טעמע וואָס איך האָב געוואָלט אויסמײַדן, וואָרעם זי איז בכּוח אַ יאָג צו טאָן מיט פּײַנלעכע דערמאָנונגען פון קרובים וועלכע זײַנען אומגעקומען אין נאַציש מבול; באַזונדערס די קינדער וועמענס ליכטיקע, זיסע פּנימלעך איך זע אַזוי אָפט אין שלאָפלאָזע נעכט. כ׳האָב דעריבער געזאָגט העפלעך, אָבער קיל: „גיי שלאָפן סאַשאַ, ס׳איז שוין האַלב נאָך צוויי. אַ מענטש ווי דו דאַרף זיך גוט אויסרוען״.

„יאַקאָב, ווי אַ פּוילישער איד ווייסטו זייער גוט פאַרוואָס איך קען ניט שלאָפן״, האָט ער געזאָגט און מיך אָנגעקוקט מיט טרויעריקע אויגן וועלכע זיינען טיף געזעסן אין זײַן בלאַס, מאָנאַכיש פּנים. ער האָט אַ מינוט אָדער צוויי געוואַרט אויף מײַן תּשובה און אַז כ׳האָב אים נישט געענטפערט האָט ער גיך ממשיך־געווען ווי ער וואָלט מורא געהאַט כ׳זאָל אים נישט פאַרהאַלטן: „כ׳פּיל ווי אַ באַרג וואָלט געלעגן אויף מיר; אַ באַרג וואָס איז אַ סך שווערער פונעם באַרג שניי וואָס ליגט ביי דער טיר... דערצו נאָך האָב איך דאָ נישט קיין פרײַנט פאַר וועמען כ׳זאָל זיך קענען לײַכטער מאַכן דאָס האַרץ. די אַמעריקאַנער קוקן אויף מיר ווי אויף אַ צעדרייטן, וואָס וועט קיינמאָל נישט זוכה־זײַן צו ווערן אַ טייל פון זייער גן־עדן וואו די הי־געבוירענע און אַמעריקאַניזירטע לעבן אין וואוילטאָג...

די מערסטע פון זיי זײַנען פאַרליבט אין די דײַטשן. זיי באַוואונדערן זייער טיכטיקײַט, די געניטקײַט מיט וועלכער זיי בויען גלאַטע וועגן און דויערנדיקע אויטאָמאָבילן און די ציכטיקײַט אין הויז און די ריינקײַט אויפן גאַס. די עטלעכע רוסן אין האָטעל זײַנען וולאַסאָווצעס, היטלערס הינט, וועלכע האָבן פאַרגאָסן אַ שפּאַר ביסל בלוט. די אידן ווידער האָבן צופיל געליטן, אַז זיי זאָלן איצט נעמען אויף זיך נאָך אַ משא פון עמיצנס ענויימדיקע דערפאַרונגען. ס׳נעמט אַ שטיקל צײַט ביז מ׳באַפרײַט זיך פון די קריפּלענדיקע מורא׳ס און דערדריקונג פון יאוש־סם מיט וועלכן דער שרעקלעכער שונא האָט אָנגעשטעקט די נשמות פון די געפאַנגענע. ס׳קען אָבער אויך זײַן אַז די אידן האַלטן זיך פונדערווײַטנס ווײַל זיי מיינען אַז אויך איך האָב פאַרקויפט מײַן נשמה פאַר אַ טאָפּ נאַצישע לינזן״...

סאַשאַ האָט געשוויגן. ער האָט זיך געפילט שולדיק און קליין וואָס ער האָט

נישט געקענט צוימען דעם גיך־אַנלויפנדיקן גאַס ווערטער. „יאַקאָב איז דער צוגע־לאָזנסטער פון די דרײַ קלוירקס וואָס אַרבעטן דאָ. ער איז דער איינציקער וואָס הערט זיך אָפּטמאָל צו צו אַן עלנטן, צעבראָכענעם מענטש. ער האָט אָפּשיי פאַר מיר, דעם געליטענעם דאָרפס־לערער. כ׳האָף נאָר, אַז מײַן האַסטיק גערייד שטויסט אים נישט אָפּ״... איז אים דורכגעלאָפן דורכן קאָפּ. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט דעם עק פון זײַן גרויער, אומהיימלעכער באָרד ווי ר׳וואָלט זי געוואָלט אויס־רײַסן און געקוקט אויפן דיל. די ווינטן האָבן בייז געוואָיעט. אַרומגענומען מיט בערגלעך שניי איז אַן אויטאָ געלעגן אויף דער גאַס און שווער געראַנגלט, געסאָ־פּעט, ווי אַ חיה וואָס באַמיט זיך צו ראַטעווען פון אַ יעגערס פּולאַפּקע. דער רוס האָט אַ וווּנד געטאָן די אויגן אויפן אויטאָ. „די זעלבע נאַטור־סטיכיע ווי אין 1943 אין מײַן דערפל. נאָר מיר האָבן געהאַט וועגענער און דײַטשן און דאָ האָבן זיי דעמאָקראַטיע און אויטאָס״, האָט ער רעדנדיק צו זיך, געצויגן אַ פּאַראַלעל. ער האָט אויסגעזען קראַנק, הילפלאָז. „איז עס מעגלעך, אַז סאַשאַ׳ס יסורים אונטערן דײַטשן יאָך זײַנען געווען נאָך גרעסער, נאָך טיפער ווי די וועלכע מיר אידן האָבן געליטן? וויפל פּראָפּילן האָט עס געהאַט דער נאַצי־דײַטשער און קאַלאַבאָראַטאָרישער סאַדיזם?!״ האָב איך געטראַכט.

אַ געפיל פון רחמנות האָט מיך דורכגענומען. כ׳האָב צוגעבערענגט צוויי בענק־לעך און געזאָגט: „זעץ זיך סאַשאַ און דערצייל. רעד וויפל דו ווילסט״... „אַ דאַנק יאַקאָב״, האָט דער רוס ווייך געענטפערט. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פײַכטע אויגן, געטראַכט אַ רגע און דערציילט: „אָנהייב 1943 האָבן די פריצעס אויפגעבויט אַ לאַגער פאַר די געפאַנגענע אין אונדזער דערפל. דעם לאַגער האָבן זיי אַרומ־גענומען מיט עלעקטרישע דראָטן. דערצו האָבן זיי נאָך געהאַט אַ טשאַטע ווילדע הינט. אויפן מינדסטן וואונק זײַנען זיי גרייט געווען זיך צו וואַרפן אויף וועמען ס׳איז פון די געפאַנגענע און אים צערײַסן אויף שטיקער. איין פרימאָרגן נעמט מײַן זון וולאַדיאַ אַ שטיקל ברויט און לאָזט זיך גיין צום דראָטענעם צוים און וואַרפט עס אַריבער אין דער ריכטונג פון עטלעכע געפאַנגענע. דער דײַטש אויפן וואַך־טורעם האָט עס דערזען. ער האָט גלײַך געלאָזט וויסן דעם סערזשאַנט און יענער האָט אַ לאָז געטאָן אַ הונט אויף מײַן זון. וולאַדיאַ איז קוים אָפּגעלאָפן עטלעכע טריט ווי דער הונט איז אים באַפאַלן און גענומען אים בײַסן מיט די לאַנגע, וועלפישע ציין. דער דײַטש אויפן טורעם האָט אָנגעקוואָלן און מיט זײַנע געשרייען צוגעגעבן מוט דעם הונט: „גוט, ניק, בײַס דעם רוסע, צערײַס אים אויף שטיקער! זאַ...״

ווי אַן אויסקוקער פאַר די פּאַרטיזאַנער וואָס האָבן געלאַגערט אין דאַנעבנדיקן וואַלד בין איך דורך די טעג געלעגן ווי אַ ווערעמל אין אַ פּיצל אָרט הינטערן דאַך פון אונדזער כאַטע און בײַנאַכט פלעג איך זיך לאָזן אין וואַלד אַרײַן מיט אינפאָר־מאַציע. דורך אַ שפּאַרע אין דער וואַנט האָב איך געזען ווי דער הונט בײַסט מײַן איין־און־איינציקן וואָלאָדיאַ. כ׳בין דאַן געווען קראַנק אויף טיפוס. כ׳האָב ממש

געברענט פון היץ. מיטן לעצטן ביסל כּוח האָב איך זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, גענומען אַ שטעקן און זיך געלאָזט אַראָפּגיין איבער די שטאַפּלען פון אַ לייטער וואָס איז געשטאַנען אין אַ פאַרשטעלט ווינקל פון הויז. נאָר מיטאַמאָל האָט דער קאָפּ מיר אַ שווינדל געטאָן און איך בין ווי אַ שטיין געפאַלן אויף דער אײַזיקער ערד. דער רעכטער פוס איז מיר צעבראָכן געוואָרן. כ׳האָב עטלעכע מאָל פּרובירט זיך אויפהייבן און איטלעכס מאָל בין איך צוריקגעפאַלן מיט אַ שרעקלעכן ווייטיק. „מײַן זון וועט אומקומען געציילטע טריט פון מיר און איך קען אים נישט העלפן״, האָב איך ביטער געטראַכט און מײַן פאַרצווייפלונג האָט מיך געטריבן ביז משוגעת. כ׳האָב געוויינט, געשאָלטן די דײַטשן, זיך, מײַנע עלטערן וואָס האָבן מיך געבוירן, אָבער מער פון אַלעמען האָב איך געשאָלטן גאָט, דער שופט און אויפזעער איבער דער וועלט וואָס האָט דערלאָזט אַז דאָס דײַטשע פאָלק זאָל ווערן אַזוי שלעכט, אַזוי פאַרדאָרבן. מיט האַלב־פאַר׳חלש׳טע אויגן האָב איך געזען ווי וואָלאָדיאַ ווערט שוואַכער, הערט זיך אויף צו פאַרטיידיקן און ווי דער הונט גיט וואָלפיש־פלינק אַ שפּרונג און די לאַנגע ציין בײַסן זיך אײַן אין זײַן ווײַסן, שיינעם האַלדז. דער שניי אַרום מײַן זון איז רויט געוואָרן פון בלוט און ער איז ווי אַן אָפּגעזעגטע בעריאָזקע געפאַלן טויט... ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָבן ברידער־פאַרטיזאַנער אַוועק־געטראָגן מײַן זונס טויטן גוף און מיך טיף אין וואַלד אַרײַן. מײַן זון האָבן זיי באַ־גראָבן און מיך האָט דער פאַרטיזאַן־דאָקטאָר לאַנג געהיילט. ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט האָב איך זיך באַמיט צו געפינען מײַן פרוי, וועמען די דײַטשן האָבן געהאַט פאַרשיקט אויף אַרבעט קיין דײַטשלאַנד. איין טאָג בין איך אַרײַנגעגאַנגען אין דער נאָענטסטער פּאָליציי־סטאַנציע זיך אַדורכרעדן מיטן לויטענאַנט וועגן דעם ענין. כ׳בין דערשטוינט געוואָרן ווען ער האָט מיר דערקלערט, אַז דער סאָוועט זוכט מיר אַרום „פאַר דער פּחדנות׳דיקער, געפּיללאָזער האַלטונג לגבי אַן אייגע־נעם זון אונטער דער דײַטש־פאַשיסטישער אָקופּאַציע״...

דאָס געריכט האָט מיך פאַראורטיילט אויף צוואַנציק יאָר קאַטאָרגע אין ווײַטן צפון. אָבער נעמענדיק אין באַטראַכט מײַן שלעכטן געזונט־צושטאַנד בין איך באַפרײַט געוואָרן נאָך זיבן יאָר פאַ־שיקונג״.

סאַשאַ האָט אויפגעהערט דערציילן. מיט פאַרטרערטע אויגן האָט ער געקוקט אויף די ווײַס־אומעטיקע נאַכט וואָס איז געלעגן אויף דער צווייטער זײַט שויב.

# שיפברוך

(צווישן יאוש און האָפענונג)

ווי נאָר דאָס פײַער האָט אַרומגענומען דעם הויפּן צווײַגן אין צווײַגלעך וואָס ער האָט אָפּגעריסן פון די אַרומיקע קוסטעס איידער די נאַכט האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויפן אינדזל, האָט אַ פריילעכע העלקייט זיך צעשפּילט אויף זײַן מידן, אויסגעצערטן פּנים. פייער און ליכט זײַנען געווען זײַנע איינציקע פרײַנט אין דער קאַלטער, שטערנלאָזער נאַכט אויף דעם קליינעם, פּרימיטיוון אינדזל וואָס איז פון וועגן דער וויניקייט אין וואַסער און האַרטקייט פון באָדן געווען אומבאַוואוינט דורך מענטשן. דאָס געפיל פון שרעק האָט אים אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך אַנידער־געזעצט בײַם פײַער, הנאה׳דיק געוואַרעמט די קאַלטע, ביינערדיקע דלאָניעס און געהאַלטן אין איין איבערלייגן די צווײַגן און צווײַגלעך. ער האָט געמוזט זײַן שפּאָר־זאַם מיטן ברען־מאַטעריאַל כּדי דאָס פײַער זאָל אים וואַרעמען פון דער נאַכטיקער קעלט און אויך אים היטן פון שלאַנגען און חיות און כּדי ס׳זאָל אים סטײַען ביזן מאָרגן ווען די שיפן פאָרן פאַרבײַ דעם אינדזל.

„די מאַטראָזן אויף איינער פון די שיפן וועלן געוויס באַמערקן דאָס פײַער און דעם רויך און זיי וועלן לאַנדן אויפן ברעג, אים נעמען מיט זיך, גיבן צו עסן און טרינקען און אָפּפירן אים אַהיים״, האָט ער געטראַכט. ער איז געווען פון מיטעלן עלטער, ברייטפּלייציק, די גרויע האָר אויפן קאָפּ און אויף דער קליינער באָרד האָבן אומרואיק געשויבערט אין ווינט און געטראָגן האָט ער בלויע אַרבעטס־קליידער וואָס מאַטראָזן געוויינלעך טראָגן אויף פראַכט־שיפן. דאָס מאָגערע, עקשנות׳דיקע געזיכט וואָס האָט מיט רגע׳ס צוריק אויפגעהעלט מיטן אויסשפּרייט פון פייער איבערן הויפּן צווײַגן און צווײַגלעך, איז מיטאַמאָל געוואָרן פאַרכמאַרעט.

„ס׳איז וואָר אַז איך בין דער איינציקער פון די אַכט מאַטראָזן — אַרײַנ־גערעכנט דעם אָפיציר — וואָס האָט זיך געראַטעוועט. איך לעב, אָבער די שיף מיט מײַנע זיבן פרײַנט זײַנען מער נישטאָ״... האָט ער ביטער געטראַכט. ער האָט שולדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אויף עטלעכע רגע׳ס פאַרגעסן אַז ער מוז זײַן שפּאָרזאַם מיטן פײַער. נאָר באַלד האָט ער זיך דערמאָנט ווי וויכטיק ס׳איז יעדער צווײַג און ריטל און ער האָט אויפגעהויבן אַ שטאַרק־ברענענדיקן צווײַג פון פײַער, אַוועקגעלייגט אין אַ זײַט און אויסגעלאָשן דאָס פײַער מיט דער הילף פון עטלעכע הויפנס זאַמד און ווײַטער געטראַכט: „מיר האָבן אַ לאַנגע צײַט געאַרבעט צוזאַמען און אין פרײַע מאָמענטן געזעסן אַרום אַן אַלטן, הייסן סאַמאָוואַר, געטרונקען שטאַרקן טיי, געשפּילט אין קאָרטן אָדער געהאַלטן אין איין רעדן וועגן אונדזערע פרויען און קינדער אין דער היים״...

ער האָט מיט קריטישע אויגן אַ קוק געטאָן אויפֿן ים ווי אויף איינעם וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט בעסערן און געטראַכט: „מחוץ פֿון אַן ערד־ציטערניש איז נישטאָ אַזאַ צעשטערערישער כּוח ווי ס׳איז אַ ים־שטורעם. אונדזער שיף איז געווען שוואַך און הילפֿלאָז ווי אַ קליין, הילצערן קעסטל אין פֿאַרגלײַך מיט די בייז־גרויע, צען־פּוסיקע כוואַליעס וואָס האָבן ווי שווימענדיקע בערג זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר און זי צעבראָכן אויף שטיקלעך. מיר האָבן אַפֿילו נישט געספּייעט אַראָפּצולאָזן אַ רעטונגס־שיפֿל, אַזוי שנעל האָט זיך געיאָוועט דער אומקום... פֿינף יונגע, שטאַרקע מאַטראָזן וואָס האָבן געקערט און געוואַשן דעם דעק זײַנען מיטאַמאָל פֿאַר־שוואונדן אין הוראַגאַנישן מבול ווי זיי וואָלטן געווען פּיצלעך קינדער. דאַקעגן איך און מײַנע צוויי פּרײַנט וואָס זײַנען דאָן געווען פֿאַרנומען אין קיכל בײַם צוגרייטן דעם אָוונט־ברויט, אַלע דרײַ דערפֿאַרענע מאַטראָזן און געניטע שווימערס, זײַנען מיר תּיכּף אַרײַנגעשפּרונגען אין די בערג וואַסער און זיך געלאָזט שווימען צום האַרטן, זון־פֿאַרברענטן אינדזל אויף וועלכן איך געפֿין זיך. מיר האָבן באַוויזן אָפּצו־שווימען אַ פּײַנפֿולע שטרעקע פֿון אַרום פֿופֿציק מעטער ווי ס׳האָבן מיטאַמאָל זיך געיאָוועט צוויי גרויסע הײַפֿיש. אין לויף פֿון צוויי צי דרײַ רגע׳ס זײַנען זיי געשוואו־מען אַרום אונדז ווי זיי וואָלטן געוואָלט אָפּשאַצן אונדזערע כּוחות אָדער דעם ווערט פֿון אונדזער ווײַסן פֿלייש... מיט דער שנעלקײַט פֿון אַ בליץ האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מײַנע אומגליקלעכע פּרײַנט. נאָך איצט הער איך זייערע געשרייען „ראַטעוועט!״ „העלף!״ און כ׳וועל מן הסתּם שטענדיק זיי הערן. אַזעלכע קולות קען מען קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. זיי זײַנען אַזוי שאַרף ווי הײַפֿיש־ציינער און רויט ווי בלוט״...

אַביסל שפּעטער האָט דער הוראַגאַן זיך אָפּגעטראָגן און די וואַסערן זײַנען געוואָרן שטיל, ווי זיי וואָלטן זיך געפֿילט שולדיק פֿאַרן אָפּטאָן אַזויפֿיל רשעות, אַזויפֿיל שלעכטס, און וואָס אַזעלכע שרעקלעכע ברואים ווי הײַפֿיש לעבן און געדייען אין זייערע אינגעווייד. אויף די וואַסערן האָבן זיך לײַכט געוויגט שטיקער האָלץ, קעסטלעך, ברעטער, מאַטראָזן־בעטלעך און גרויסע פֿלעקן בלוט. באַלד האָבן זײַנע געדאַנקען זיך אַ קערעווע געטאָן צו זיך און ער האָט זיך דערזען אויף אַ ברעט געטראָגן אויף די רוקנס פֿון די וואַסערן. ער איז געלעגן אַ דערשעפּטער, אַ האַלב־פֿאַר׳חלש׳טער און אים האָט זיך געדאַכטן אַז די כוואַליעס אַרום דער ברעט לאַכן פֿון אים, שפּאָטן און שרײַען אין אַ כאָר: „אויב דו מיינסט אַז ביסט מער מזל־דיק פֿון דײַנע פֿרײַנט דאָן מאַכסטו אַ טעות. מיר וועלן דיר צעשאָקלען די ביינער! און אַז וועסט צוקומען צו אַן אינדזל וועלן מיר דיך אַ וואָרף טאָן ווי אַ שפּענדל אויף די שטיינער און פֿעלדזן!״...

עטלעכע צווײַגלעך האָבן גיך אויסגעברענט און דאָס פֿײַער איז געוואָרן סכּנה׳דיק קליין. ער האָט אַ נעם געטאָן דרײַ צווײַגלעך פֿון די וואָס ער האָט אַוועק־געלייגט אין אַ זײַט נאָכן אָפּרײַסן זיי, אַוועקגעלייגט זיי אינמיטן פֿון פֿײַער און דער־

בײַ געטראַכט: „ס׳איז געוויס אײַנשטעלעריש צוצוגיין אין דער פֿינסטער צו אַ נאָענטע קוסטע אָפּצורײַסן עטלעכע צווײַגלעך. ס׳פֿעלן נישט דאָ קיין גיפֿטיקע שלאַנגען און באַזונדערס ראָיען זיי אַרום די קוסטעס. מיט די צווײַגלעך וואָס איך האָב מוז איך אויסקומען די נאַכט״...

דרײַ קליינע פֿלעמלעך האָבן אַרומגענומען די צווײַגן און צווײַגלעך. זיי האָבן פּאַוואָליע געברענט ווי זיי וואָלטן פֿאַרשטאַנען דעם ווילן פֿון מענטש און אים געפֿאָלגט. אַ ווינטל האָט מיטאַמאָל אַ יאָג געטאָן אויף די פֿלאַמען. „לעש אונדז נישט אויס! אונדזער ליכט און וואַרעמקײַט זײַנען אַ רעטונג און אַ טרייסט פֿאַר דעם מאַטראָז וואָס האָט זיך געראַטעוועט פֿון אַ שיף־ברוך״, האָט אַ פֿלעמל אַפּעלירט צום ווינט.

„מיר באַשיצן דעם מענטש פֿון ווילדע חיות און שלאַנגען. אויב וועסט אונדז פֿאַרלעשן וועלן זיי קומען און אים דער׳הרג׳נען״, האָט אַן אַנדער פֿלעמל געבעטן.

דער ווינט האָט זיך געדרייט אין אַ קרײַז נעבן דעם פֿײַער און געזאָגט: „גוט, כ׳וועל נישט אויסלעשן, סײַדן איר וועט אויפֿגיין אין אַ גרויס, שיין פֿײַער״... „מיר קענען אויף דעם נישט אײַנגיין. מיר מוזן זײַן שפּאָרזאַם מיט יעדן צווײַגל און שפּענדל״. האָבן געענטפֿערט די טרײַע פֿלעמלעך.

„איך בין אויף דער זײַט פֿון ווינט. אַ גרויס, שיין פֿײַער וואָס זאָל אַפֿילו דויערן נאָר געציילטע רגע׳ס איז וויכטיקער פֿון סמאַליען אַ גאַנצע נאַכט!״ האָט אויסגע־רופֿן אַ גאָלדענער פֿונק. ער האָט תיכּף זיך אָפּגעשיידט פֿון דעם פֿײַער און אַ פֿלי געטאָן אינדערהויך. „דער ווינט און דער גאָלדענער פֿונק זײַנען גערעכט און נישט די קליינע פֿלעמלעך!״ האָבן געוואָיעט די וועלף און מיט הונגעריקע, פֿאַספֿאַרישע אויגן געקוקט אויפֿ׳ן מענטש.

אָבער די פֿלעמלעך האָבן טרײַ געלויכטן און געוואַרעמט דעם מאַטראָז וואָס האָט זיך געראַטעוועט פֿון שיף־ברוך דורך דער קאַלטער, טונקעלער נאַכט. פֿון צײַט צו צײַט האָבן זיי געזאָגט מיט ווייכע שטימען: „נישט זאָרג, מענטש. די נאַכט וועט באַלד אַוועק און אַ נײַער טאָג וועט אויפֿגיין״.

# מעשה׳ס

## די קינדער און דער פּיראַמיד

אַז די קינדער פון די ייִדישע שקלאַפן אין מצרים זײַנען געוווּיר געוואָרן, אַז משה גרייט זיך באַפרײַען די ייִדן פון שקלאַפערײַ און ער וויל זיי פירן אין לאַנד כנען, וואו זיי וועלן לעבן פרײַ, האָבן זיי זיך זייער געפרייט. זיי האָבן געלאַכט, געשטיפט און זיך דערציילט מעשיות וועגן דעם העלד משה, פאַר וועמען אפילו פרעה האָט מורא. זיי האָבן געזונגען פריילעכע לידער. דער עלטסטער צווישן די קינדער, אַמנון, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שטאַרקייט און חכמה, האָט צונויפגענומען אַ גרויסע צאָל קינדער און איז מיט זיי אַוועק צום נאָענטסטן פּיראַמיד. דער פּיראַמיד איז געווען זייער הויך און שטאַרק געבויט. דער שפּיץ זײַנער האָט זיך געריסן אין די הימלען. די קינדער האָבן אַרומגענומען דעם פּיראַמיד ווי מיט אַ ריזיקן ראָד, זיך אָנגענומען בײַ די הענטלעך און פריילעך געזונגען:

| | |
|---|---|
| פון ציגל און ליים | קוים וואָס מיר האָבן געהאָט |
| האָבן אונדזערע טאַטעס | וואָס צו טרינקען, |
| דיך געבויט. | און צו דער זעט — ברויט. |

אַ מיידעלע מיטן נאָמען יונה, מיט שיינע שוואַרצע פּאַסמעס האָר און ברוינע אויגן האָט גענומען זינגען אַן אַנדער ליד און אַלע קינדער האָבן מיטגעזונגען.

| | |
|---|---|
| פּיראַמיד, פּיראַמיד, | מיר ווילן נישט זײַן |
| הער זיך צו צו אונדזער ליד. | מער קיין גאַסט. |
| מיר ווילן נישט טראָגן | מיר גייען קיין כנען. |
| מער די לאַסט. | מיר גייען קיין כנען. |

דעם פּיראַמיד האָט פאַרדראָסן וואָס די קינדער זינגען אַזעלכע לידער. ער האָט בייז אַ מורקע געטאָן און געזאָגט: „ווי דערוועגט איר זיך אַזוי צו רעדן און זינגען? נאַר קינדער פון שקלאַפן האָבן נישט קיין רעספּעקט פאַר מיר, דעם מעכטיקן פּיראַמיד, וואָס איך בין געבויט געוואָרן צו באַשיינען און גרויס מאַכן פרעהס נאָמען!" אָבער די קינדער האָבן געענטפערט: „זע, משה איז אַ גרעסערער מענטש פון קעניג פרעה, דאָך בויען אונדזערע טאַטע־מאַמעס נישט קיין פּיראַמידן צו באַשיינען זײַן נאָמען". האַלטנדיק זיך בײַ די הענטלעך האָבן זיי געזונגען:

| | |
|---|---|
| פון ציגל און ליים | וועלן מיר מיט פרייד |
| האָבן אונדזערע טאַטעס | בויען און פלאַנצן |
| דיך געבויט. | און עסן אונדזער ברויט. |
| אין לאַנד כנען | |

# משה רבינו און דאָס קראַנקע קינד

פערציק טעג און נעכט איז משה — דער באַפרייַער און גרויסער מנהיג פון אונדזער פאָלק — אײַנגעשטאַנען אויפ׳ן באַרג סיני וואו ג־ט האָט זיך צו אים באַוויזן און אים געגעבן די לוחות אויף וועלכע ס׳זייַנען געווען אויסגעקריצט די עשׂרת הדברות.

איין נאַכט, בעת משה האָט אַ פאַרטראַכטער געקוקט אויפ׳ן בלויען הימל וואָס איז שטיל, מיסטעריעז געלעגן איבער׳ן מדבר און די געצעלטן אין וועלכע ס׳האָבן גערוט די בני ישׂראל, האָט ער געהערט אַ פרוי׳ס געשריי. משה האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צום שאַרפן, וויינענדיקן קול און געטראַכט: „פאַרוואָס זאָל עמיצער שרייַען אינמיטן דער נאַכט און ווער קען זייַן די פרוי וואָס שרייַט?״

ער האָט געטראַכט וועגן עטלעכע פרויען צו וועמען דער גורל איז נישט געווען באַזונדערס גוט און האָט באַשלאָסן אַז די נאָך־הילף־רופנדיקע שטימע געהערט צו דינה, אַ בלאַס־פּנימ׳דיקע, שטילע פרוי מיט רויטע אויגן פון וויינען, וואָס איז פאַרבליבן מיט אַ פינף יעריקן, שוואַכן אינגל נאָכדעם ווי איר מאַן איז געשטאָרבן פון אַ ביס פון אַ גיפטיקע שלאַנג. משה איז געוואָרן אומרואיק, זיך אויפגעהויבן פון פעלדז אויף וועלכן ער איז געזעסן און ווידער געטראַכט: „דער אינגל מוז זייַן ערנסט קראַנק, אַז נישט וואָלט די מאַמע נישט געשריגן מיט אַזאַ וויינענדיקע שטימע. אָבער וואו זייַנען אונדזערע רופאים? זייַנען זיי נישט אויפגעשטאַנען פון זייערע געלעגערס, גרייט צו העלפן אַ קראַנק קינד? און אפשר טוען זיי וויפל זיי קענען, נאָר די רפואות העלפן נישט?... מיט ג־ט׳ס דערלויבעניש וועל איך גיך אַראָפּגיין פון באַרג כדי צו העלפן דעם קראַנקן אינגל און באַלד וועל איך צוריק אַרויפקומען״. און ער האָט מיט בעטנדיקע אויגן אַרויפגעקוקט צום הימל... אין דעם מאָמענט האָט אַ לאַנגער, העלער וואָלקן אין דעם פורעם פון אַ האַנט זיך באַוויזן איבער די געצעלטן פון די בני ישׂראל און דער ווייַז־פינגער פון דער האַנט האָט געוויזן אויפ׳ן געצעלט וואו די אלמנה דינה און איר קינד האָבן געוואוינט...

„אַ דאַנק דיר א־ל הרחמים!״ האָט משה אויסגערופן. ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו אַ גריבל וואָס אין אַ נאָענטן פעלדז, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פולע האַנט קערנדלעך וואָס ער האָט אָנגעקליבן מיט טעג צוריק, אַרייַנגעלייגט זיי אין קעשענע און בליץ־שנעל זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון דינה׳ס געצעלט. „פאַרוואָס שרייַסטו אַזוי אינמיטן דער נאַכט, דינה?״ האָט משה ווייך געפרעגט ווי ער איז אַרייַן אין געצעלט.

אַ רגע איז דינה געשטאַנען צעטומלט, אַז אַ וואָרט אויף די ליפּן און פאַרוואונדערט געקוקט אויפ׳ן אומגעווײנלעכן באַזוכער. באַלד האָט זי געטראַכט: „איז דאָס טאַקע משה וואָס האָט אונדז באַפרייַט פון מצרישער שקלאַפערייַ?״

„כ׳האָב קיין צײַט נישט דינה, כ׳אײַל זיך, רעדו כ׳מוז תיכף אַרויפגיין אויפ׳ן באַרג סיני וואו ג־ט קען אַיעדע רגע זיך באַווײַזן מיט די לוחות אויף וועלכע ס׳זײַנען אויסגעקריצט די עשרת הדברות״... האָט משה גיך געזאָגט. די אלמנה איז געפאַלן אויף די קני און האָט גערעדט מיט אַ וויינענדיקע שטימע: „ג־ט האָט אײַך געשיקט, טרײַער פּאַסטעך פון אונדזער פאָלק. מײַן באַליבטער זון איז שווער קראַנק, קוים וואָס ער קען אָטעמען, האָט רחמנות און ראַטעוועט אים!״...

משה האָט געגעבנט צום גלעגער אויף וועלכן דער אינגל איז געלעגן, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זײַן מאָגער, פון פיוועב רויט פּנימ׳ל, דאַן אַ נייג געטאָן דעם קאָפּ און זיך צוגעהערט צום שוואַכן אָטעמען פון קינד און אויסגערופן מיט געפיל: „דײַן קינד איז זייער קראַנק. האָסט גוט געטאָן וואָס דו האָסט געשריגן — גערופן נאָך הילף״. און ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ פולע האַנט קערנדלעך און געזאָגט: „לייג אַרײַן די קערנדלעך אין אַ קריג מיט וואַסער און גיב דײַן זון צו טרינקען דרײַ מאָל אַ טאָג פון דעם וואַסער, און ער וועט געהיילט ווערן״. איידער דינה האָט באַוויזן צו באַדאַנקען דעם באַפרײַער און טרײַען מנהיג, איז ער שוין געווען אַרויס פון געצעלט. ער האָט גיך געקלעטערט אויף דער שיפּער סטעזשקע ביז ער איז צוגעקומען צום אָרט וואו ער איז געווען פאַר׳ן אַראָפּגיין פון באַרג. דער זעלבער בלויער הימל האָט אַרומגענומען דעם מדבר, די געצעלטן, דעם באַרג סיני און אים, משה׳ן, און דורכ׳ן הימל האָט געזעגלט די לבנה באַגלייט מיט אַ געזעמל רויט־גאָלדענע שטערן. ער האָט געטראַכט וועגן בורא עולם וואָס קען אַיעדע רגע זיך באַווײַזן מיט די לוחות און וועגן דינה׳ס קינד וואָס ער האָט געראַטעוועט פון טויט. די ווײַס־זילבערנע לבנה האָט צו אים געשמייכלט מיט אַ וואַרעמען, דאַנקבאַרן, שמייכל.

# צו תשליך בײַ דער ווײַסל

אַ גאַנצן מאָרגן האָט גערעגנט דעם ערשטן טאָג ראש השנה. דער רעש פון די פאַלנדיקע טראָפּנס איבער די שוהל־פענצטער האָט זיך אויסגעמישט מיט די ווערטער פון די תפילות וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די מתפללים. ס׳האָט זיך געדאַכטן אַז די גרויע וואָלקנס וואָס זײַנען עקשנות׳דיק געהאָנגען איבער דער געגנט און דער שוהל, האָבן געוואוסט אַז עס איז ראש השנה אויף דער וועלט ווען דער מלך המלכים משפט אַלע באַשעפענישן און זיי האָבן מתפלל־געווען אויף זייער שטייגער פאַר אַ גוט יאָר אין וועלכן ס׳זאָלן נישט זײַן קיין שטורמישע ווינטן און די זון זאָל נישט ברענען די ערד און זי פאַרוואַנדלען אין אַ מדבר. אָבער ווי נאָר דער חזן און די מתפללים האָבן פאַרענדיקט זינגען דעם „אדון עולם״ האָט דער רעגן

אויפגעהערט און דער עולם איז אין אַ מונטערע שטימונג אַוועק אויף תשליך צום ברעג פון האַדסאָן וואָס איז נישט ווײַט פון דער שוהל.

אַ מילדע זון האָט געשײַנט איבערן טײַך און די וואַסערן האָבן פריילעך געררוישט. דער רב און די מתפללים האָבן אָפּגעזאָגט אַ קורצע תפילה און דאַן האָבן זיי געוואָרפן אין וואַסער אַרײַן שטיקלעך חלה, ברויט און זעמל וואָס סימבאָליזירן חטאים פון וועלכע מיר רייניקן זיך כדי צו באַגעגענען דאָס נײַע יאָר ריין פון זינד. אין לויף פון עטלעכע רגע׳ס איז דאָס וואַסער בײַם ברעג געוואָרן פול מיט גרויסע און קליינע שטיקלעך געבעקס. באַלד האָבן דאָס באַמערקט פון דער ווײַטנס עטלעכע קאַטשקעס און מיט אַ פריילעכן קוואַ־קוואַ זיך אַ לאָז געטאָן אין אונדזער ריכטונג כאַפּן אַ גוטן ביסן. נאָך די קאַטשקעס זײַנען אָנגעפלויגן צוויי מעוועס און אויך זיי האָבן געגומען עסן מיט אַ שטאַרקן אַפּעטיט ווי זיי וואָלטן געוואָלט ווײַזן אַז זיי זײַנען נישט ווייניקער וויכטיק פון די קאַטשקעס. דערווײַל איז דער הימל געוואָרן פרײַ פון די רעשטלעך וואָלקנס וואָס זײַנען געלעגן אויף זײַנע ראַנדן און די לופט איז געוואָרן קלאָרער. די הײַזער אויפן ניו דזשוירזי ברעג האָבן אויסגעזען זייער נאָענט ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אַ קליינע שטרעקע פון ריווערסײַד דרײַוו. דער עולם האָט מיט הנאה געקוקט אויף די פיל־קאָלירקע וואַסערן וואָס האָבן זיך מילד באַוועגט קעגן דער זון און אויף די פעדערדיקע באַשעפענישן און מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקײַט געטראַכט וועגן דער גוטסקײַט פון בורא עולם וואָס האָט באַשאַפן אַזאַ שיינע וועלט...

נעבן מיר זײַנען געשטאַנען צוויי מתפללים און אייפערדיק גערעדט צווישן זיך. איינער אַ הויכער, אַ מאָגערער, מיט אַ פאַרשפּיצטע נאָז ווי בײַ אַ פּאָליאַק, אויפן בלאַסן, צעקנייטשטן געזיכט, האָט גערעדט אין אַ שוואַכן ענגליש מיט אַ געמיש פון פוילישע ווערטער: „דער האַדסאָן איז אַ ריז אין פאַרגלײַך מיט אַ סך אַנדערע טײַכן און דערצו איז ער אויך טיף. די גרעסטע שיפן קענען פאָרן אויף זײַנע וואַסערן", — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ זאַכקענער.

„אויך די ווײַסל איז נישט קיין קליינער טײַך כאָטש זי געהערט נישט צו די גרעסטע טײַכן", האָט אין אַ פליסיקן ענגליש באַמערקט דער צווייטער איד. ער איז געווען עטוואָס דיק און קורץ און האָט אויסגעזען רואיק, געשעפטס־מעסיק.

„איר זײַט גערעכט. די ווײַסל איז קלענער פון האַדסאָן, אָבער אירע וואַסערן זײַנען ריין פון כעמיקאַלן און דערפאַר זײַנען די פיש גוט פאַרן געזונט. כ׳האָב אַ לענגערע צײַט געאַרבעט אין וואַרשע׳ס ביוראָ פאַר וואַסער־ענינים — אַן אַרבעט וואָס איז אַ סך אינטערעסאַנטער פון די אַנטיסעמיטישע פוילישע מיטאַרבעטער... ווען נישט זייער באַרבאַריזם וואָלט איך אפשר פאַרבליבן אין פוילן"...

דער אַמעריקאַנער איד האָט זיך פאַרטראַכט און שטיל ווי צו זיך געשעפּ־טשעט: „אַפילו איצט, נאָך אַזעלכע שרעקלעכע שחיטות, לאָזט נישט אָפּ דער רשעות"... באַלד האָט ער ממשיך־געווען מיט אַ רעגולערע שטימע: „הײַנט איז

דער ערשטער טאָג ראש השנה. ווי מיינט איר: איז כאָטש איין איד געקומען פּראַ־
ווען דעם תּשליך־מנהג ביַי דער וויַסל? איין איד?״.

„כ׳האָף אַז יאָ״, — האָט דער ניַי־געקומענער פּוילישער איד געענטפערט.
„כ׳האָף אַז די וויַסל־ברעגן אויף וועלכע כ׳האָב זיך אַמאָל געשפּילט ווי אַ קינד און
אין די לעצטע יאָרן דאָרט געאַרבעט — זיַנען היַינט נישט אידן־ריין!״...

די קילע, ריינע לופט האָט דערמאָנט דעם עולם אַז זייערע מאָגנס זיַנען ליידיק
און אַז געשמאַקע, יום טוב׳דיקע מאכלים וואַרטן אויף זיי אין די היימען און זיי
זיַנען זיך גיך פונאַנדערגעגאַנגען. איך זיך די קאַטשקעס און מעוועס זיַנען אַוועק זיך
זוכן אַן אַנדער אָרט וואו מען קען וויַטער שטילן דעם פייגלשן אַפּעטיט. איך
דאַקעגן בין געבליבן אַליין אויפן ברעג אַ פּאָר׳דאגה׳טער און דערדריקטער.

די רייד פון ניַי־געקומענעם איד האָבן געברענט מיַין אינגעווייד ווי פיַיער־
דיקע קוילן. כ׳האָב ביטער געטראַכט: „ווי וואָס מיר האָבן דערגרייכט נאָך אַריבער
טויזנט יאָר לעבן אין פּוילן!״ כ׳האָב אויך געטראַכט וועגן מיַין מאַמעס שוועסטער
חנה וואָס האָט מיט איר מאַן און קינדער אַ שטיק ציַיט געוואוינט אין וואַרשע נאָענט
פון דער וויַסל.

וואָס האָט פּאַסירט מיט זיי אין די שרעקלעכע מלחמה־יאָרן? האָבן זיי זיך
באַוויזן צו ראַטעווען אָדער אויך זיי האָט צוגעדעקט דער טויטלעכער לאַווע־גאַס
פון דיַיטשן וואולקאַן?״ — כ׳בין אַוועק אַהיים, עפּעס געגעסן פון די געשמאַקע, יום
טוב׳דיקע מאכלים און אַ מידער זיך צוגעשפּאַרט אויפן בעט.

מיטאַמאָל האָב איך זיך דערזען אויפן ברעג פון אַ גרויסן טיַיך כאָטש באַדיַיטנד
שמעלער פון אַמעריקאַנער ריווער האַדסאָן און אויך די היַיזער אויף זיַינע ברעגן
זיַינען געווען נידעריק און גרוי. מיר קומט פאָר אַז מיט אַ סך יאָרן צוריק האָבן מיר
שפּאַצירט אויפן זעלבן ברעג — חנה מיט איר מאַן און די קינדער און איך, דאַן אַ
יונגער סטודענט אין אַ העברעאיש־פּוילישן לערער־סעמינאַר. מיר זיַינען דאַן
געווען יונג און אונדזער רעדן איז געווען פריש און מונטער. כ׳האָב זיך איַינגע־
קוקט אין די וואַסערן און געפרעגט: „ביזטו דאָס די וויַסל?״

„יאָ, איך בין די וויַסל״, האָט דער טיַיך געענטפערט מיט פּוילישן שטאָלץ.
„היַינט איז דער ערשטער טאָג ראש השנה, ווען מיר אידן אין די הונדערטער
און טויזנטער פלעגן קומען צו דיַינע וואַסערן פראַווען תּשליך. אָבער איצט זיַינען
דיַינע ברעגן פּוסט. מען זעט קיין איין איד נישט״, — האָב איך געזאָגט מיט צער.

די וויַסל איז געוואָרן שטיל, די וואַסערן האָבן זיך קוים באַוועגט, ווי דער טיַיך
וואָלט געטראַכט וואָס פאַראַ ענטפער מיר צו געבן. באַלד האָבן די וואַסערן
גענומען לויפן, כוואַליעס האָבן געשטויסן איינע די אַנדערע און דער טיַיך האָט מיט
אַ טרויעריקע, דאָך שטאַרקע שטימע אויסגערופן: „ווי אַ איד ווייסט איר וואָס פאַראַ
שרעקלעכער קאַטאַקליזם עס האָט זיך דורכגעטראָגן איבערן לאַנד. קיין הוראַקאַן
און קיין ערד־ציטערניש קען זיך נישט פאַרגליַיכן מיט די דיַיטשן אין צעשטערן און

פאַרוויסטן. די ריטשקעלעך און טײַכלעך וואָס שטראָמען פון אַלע געגנטן פון לאַנד און גיסן זיך אַרײַן אין מײַנע וואַסערן פלעגן קומען רויטע פון בלוט פון די דער־מאָרדעטע אידן — מענער, פרויען און קינדער און איך האָב געקלאָגט און געוויינט צוזאַמען מיט זיי. נישט דער מצרישער טײַך ניל און נישט די באַבליאָנישע טײַכן האָבן פאַרנומען אַזויפיל פּיין, אַזויפיל ווייי ווי איך.

„באַזונדערס הײַנט ווייטיק איך נאָך מער ווי אין אַלע טעג פון יאָר, ווײַל אין דעם טאָג פלעגן אידן זיך צוזאַמענקומען אויף מײַנע ברעגן פון הונדערטער שטעט און שטעטלעך און זיי פלעגן זאָגן אַ תּפילה און דאַן האָבן זיי געוואָרפן אין מײַנע וואַסערן שטיקלעך חלה, ברויט, צי זעמל און סימבאָליש זיך גערייניקט פון זינד״.

„הייסט עס אַז איך בין דער איינציקער איד וואָס איז הײַנט געקומען צו דײַן ברעג פראַווען דעם תּשליך־מנהג?״ — האָב איך אויסגערופן.

„לײַדער איז עס אַזוי״, האָט פאַרגעזעצט דער טײַך. „אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע וואו עס האָט אַמאָל געשוויבלט מיט אידן און אידיש לעבן געפינען זיך הײַנט־צו־טאָג גאָר ווייניק אידן און די מערסטע פון זיי זײַנען אַלט און קראַנק און עס איז שווער פאַר זיי צו קומען צו מיר דורך די קרומע, שמאָלע געסלעך וואָס פירן צו מײַנע ברעגן״.

איך האָב אַרויסגענומען אַ סידור׳ל פון קעשענע, אָפּגעזאָגט די קורצע תּשליך־תּפילה און גענומען ברעקלען אַ שטיק חלה גרייט צו וואַרפן די שטיקלעך אין וואַסער אַרײַן.

„וואַרט! וואַרף נישט די שטיקלעך חלה!״ — האָט אויסגערופן די ווײַסל.

כ׳האָב פאַרוואונדערט געקוקט צום וואַסער. „וואָס איז?״ האָב איך געפרעגט.

„לויט מײַן מיינונג דאַרפט איר אידן זיך נישט רייניקן פון זינד ווײַל איר זײַט נישט באַגאַנגען קיין פאַרברעכן און איר האָט קיינעם נישט געמאָרדעט. דאַקעגן די קריסטלעכע פעלקער — דײַטשן, אוקראַינער, פּאָלאַקן און אַנדערע פעלקער וועגן ליבע און זיי האָבן עס געמאָרדעט מיליאָנען אידן און נישט־אידן. זיי זײַנען עס די זינדיקע און זיי דאַרפן זיך רייניקן ביזן סוף פון אַלע צײַטן״.

דער טײַך איז געוואָרן שטיל, ווי ער וואָלט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, נאָר באַלד האָט ער פאַרגעזעצט: „דעם אמת געזאָגט בענק איך נאָך אַ שטיקל חלה. כ׳האָב שוין לאַנג נישט אָנגעקוקט אַ שטיקל ווײַסע, אידישע חלה. זײַט אַזוי גוט און וואַרפט די שטיקלעך ווײַסע חלה אויף מײַנע וואַסערן. אַזוי... גוט... אַ דאַנק!״ אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט.

# משה רבינו און זיין וואונדער־שטאָק

דער מאָרגן איז געווען אַ וואַרעמער. אַ לייכטער ווינט וואָס האָט דורך דער נאַכט געיאָגט פון די וואַסערן פון ים־סוף האָט מיט׳ן אָנקום פון מאָרגן אויפגעהערט. די זון וואָס איז געלעגן אונטער אַ דיקן, האַלב־רונדיקן וואָלקן ווי אונטער אַ בערגל, איז מיטאַמאָל אַרויס אַ פרייע, אַ גרויסע, און גענומען שיקן איר פייערדיק ליכט איבער די מדבר׳דיקע זאַמדן און איבער׳ן אַאַזיס וואָס איז געווען פאַרנומען מיט אומצאָליקע רייען געצעלטן פון די בני ישראל. משה רבינו איז געווען פאַרנומען דעם גאַנצן מאָרגן. זיינס אַ שכן האָט געליטן פון אַ סקאָרפּיאָנס ביס. ער האָט געהאַט הויכע פיווער און דער ווייטיק האָט אים נישט געלאָזט שלאָפן די גאַנצע נאַכט. איז משה געזעסן נעבן זיין בעט, אים איינגעגעבן אַ רפואה, און אַז דער קראַנקער האָט געפילט בעסער איז ער אַוועק אַהיים. אַז ער איז צוגעקומען צו זיין געצעלט האָבן אויף אים געוואַרט צוויי זיך־קריגנדיקע משפחות.

נאָך דעם ווי משה האָט זיי איינגעשטילט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ביידע משפחות האָבן אַנטדעקט אַ קליינעם קוואַל קילע וואַסער. אָבער יעדע משפחה האָט גע׳טענה׳ט אַז זי האָט עס אַנטדעקט דעם קוואַל און די וואַסער געהערט נאָר צו איר. נאָך אַ לענגערן שמועס מיט די צוויי משפחות האָט משה רבינו זיי אויפגעקלערט אַז דער קליינער קוואַל געהערט נישט נאָר צו די צוויי משפחות, נאָר צו דער גאַנצער עדה אידן...

נאָכדעם ווי ער האָט עפּעס געגעסן און געטרונקען איז דער גרויסער מנהיג אַוועק זיך באַגעגענען מיט די עלטסטע פון די שבטים. אויפ׳ן וועג האָט ער באַמערקט אַז ער האָט נישט מיט זיך זיין שטאָק, דעם וואונדערבאַרן שטאָק מיט וועלכן ער פלעגט קומען צו פרעה מלך מצרים און געפאָדערט ער זאָל באַפרייען זיין פאָלק ישראל און מיט וועלכן ער האָט שפּעטער געשפּאָלטן דעם ים־סוף. די אומגעוויינלעכע נייעס האָט בליץ־שנעל זיך פאַרשפּרייט איבער׳ן אַאַזיס. „וואו קען עס זיין דער וואונדער־שטאָק פון אונדזער באַפרייער און מנהיג משה רבינו?״ האָבן אַלע געפרעגט מיט אומרו און זאָרג? און מענער, פרויען און גרעסערע קינדער האָבן געזוכט און גענישטערט אין די געצעלטן, אין גראָז פון אַאַזיס און אין די אַרומיקע זאַמדן.

אָבער אַלע באַמיאונגען האָבן נישט געהאָלפן און זיי האָבן נישט געפונען דעם וואונדער־שטאָק. דערשעפּטע, פאַרזאָרגטע זיינען זיי צוריקגעגאַנגען אין זייערע געצעלטן. אָבער דיביימער אין אַאַזיס האָבן אָנגעקוואָלן ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט אַז משה האָט פאַרלוירן זיין שטאָק. פון פרייד האָבן זיי זיך געשאָקלט אין ווינט און געלאַכט מיט הויכע קולות, מחמת יעדער בוים האָט גע׳חלומ׳ט אַז נאָר ער

פאַרדינט עס צו זיין משה רבינו׳ס שטאָק און אַז דער גרויסער באַפרייער און מנהיג פון די בני ישראל וועט אים האַלטן אין זיין האַנט אויפ׳ן ווייטן וועג צום לאַנד כנען.

צווישן די ביימער איז געווען זייער אַ הויכער דאַמב. מיט גאוה האָט ער געקוקט אויף די ביימער און ביימעלעך וואָס זיינען געוואַקסן אַרום אים און געזאָגט:

„איר חלומ׳ט אומזיסט, קליינע ביימער און ביימעלעך. אירליידט פון איינרעדענישן... דער גרויסער באַפרייער פון די אידן וועט אַפילו נישט וועלן זיך צורירן צו אייך...״ און אַ באַזונדערע הנאה האָט ער געהאַט פון באַליידיקן אַ קליין ביימל וואָס איז געוואַקסן אויפ׳ן ראַנד פון אַאַזיס וואו די ערד איז זאַמדיק און טרוקן און צו דעם ביימל פלעגט ער רעדן בזה הלשון: „ס׳איז פשוט אַ שאַנדע פאַר מיר וואָס איך דאַרף וואַקסן נאָענט פון דיר, אַזאַ פיצעלע ביימעלע. אַ שאַנדע און אַ באַליידיקונג! אָבער דער גרויסער איד משה וועט שוין וויסן אַז איך פאַרדין זיך צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון פריערדיקן שטאָק מיט וועלכן ער האָט געשפּאַלטן דעם ים־סוף און אַזוי אַרום באַפרייט זיינע ברידער פון שקלאַפערײַ...״

אין דעם מאָמענט האָט זיך משה באַוויזן אין דעם אַאַזיס־וועלדל. ער האָט נײַגעריק אַ קוק געטאָן אויפ׳ן הויכן דעמב און געטראַכט: „דער בוים איז שטאַרק, אָבער צו גרויס. ער איז גוט פאַר׳ן בויען הייזער און שיפן און איז נישט געפּאַסט פאַר אַ שטאָק״. משה איז געגאַנגען עטוואָס ווייטער, געקוקט אויף אַ גרעסערע צאָל ביימער און ביימעלעך און געטראַכט: „זיי זיינען שיין אויפגעוואַקסן, אָבער זיי זיינען נישט גענוג שטאַרק״. נאָר מיטאַמאָל האָט ער דערזען דאָס ביימל וואָס איז געוואַקסן אויפ׳ן ראַנד פון אַאַזיס פון וועלכן דער הויכער דאַמב פלעגט לאַכן. משה האָט געגענענט צום ביימל, געקוקט עטלעכע רגע׳ס אויפ׳ן שטאַם, אַ שמייכל געטאָן און אויסגערופן: „אָט דאָס ביימל וועט זײַן מײַן נײַער שטאָק!״ און פון דעם ביימל האָט ער געמאַכט זײַן שטאָק...

# יאַנקעלע און דער גולם

דער פרילינג איז געקומען מיט לאַנגזאַמע טריט. כאָטש אַ העלפט פון אַפּריל איז שוין אַוועק, דאָך זײַנען ווײַסע און גרויע שטיקער שניי נאָך אַלץ געלעגן אויף די דעכער פון די הײַזער און אין די ווינקלען פון די טראָטואַרן. אַן אײַז־קאַלטער ווינט האָט געיאָגט פון דער ווײַסל. אַ מוראדיקער שטילקײַט האָט געהערשט אין שטאָט וואָס פלעגט ווערן איבערגעריסן דורך רעשיקע דײַטשע פּאַטרולן אויף מאָטאָרציקלען און טאַנקען.

אין אַ קליין, חרוב הויז וועמענס ווענט זײַנען געווען האַלב־אָפּגעברענט און דורכגעלעכערט מיט קוילן און שאַרפּנעלן, איז יאַנקעלע געלעגן אויפן דיל צוגעדעקט מיט אָנטועכץ און שמאַטעס. ער איז געווען שוואַך פון הונגער און פיווער און

ער האָט געהוסט מיט אַ טרוקענעם הוסט. אין דער חרובער הײַזקע האָט איצט גע־הויערט אַ שטאָק־פֿינסטערע נאַכט און כּדי צו פֿאַרטרײַבן די געפֿילן פֿון טרויער און דערדריקונג איז יאַנקעלע געלעגן האַרט בײַ דער וואַנט און דורך אַ גרויסן לאָך האָט ער אַרויפֿגעקוקט צום אויסגעשטערנטן הימל און געטראַכט: „די שטערן אין הימל זען אויס ווי פֿיצלעך רויט־גאָלדן פֿײַער. מיטן פֿײַער פֿון זעלבן קאָליר האָבן די דײַטשן אונטערגעצונדן אונדזער הײַזקע ווי אויך די הײַזער און הײַזקעס פֿון אַנדערע אידן און זיי האָבן דערשאָסן מײַן ליבן זיידן מאָטל און מײַנע טאַטע־מאַמע אָפּגעפֿירט אין אַ לאַגער..., די שטערן קומען נישט אַראָפּ צו פֿאַרברענען הײַזער און פֿאַרטיליקן מענטשן. זיי באַלײַכטן די נעכט און העלפֿן אַ פֿאַרבלאָנדזשעטן וואַנדערער געפֿינען דעם וועג...״

קוקנדיק אויף די קליינע, רויט־גאָלדענע שטערן האָט יאַנקעלע געטראַכט וועגן זיידן מאָטל וועמען ער האָט מער ליב געהאַט אַפֿילו פֿון זײַנע טאַטע־מאַמע און פֿון דער שוועסטער בלומע, ווײַל ער פֿלעגט אים דערציילן אָן אַ שיער שיינע מעשׂיות. אין קאַלטע ווינטער־אָוונטן פֿלעגן זיי ביידע זיצן בײַם וואַרמען, הויכן אויוון וואָס איז געווען געבויט פֿון ווײַסע קאַפֿלעס. דער זיידע מאָטל האָט געררויכערט אַ קליינע לילקע, געקוקט מיט אַ פֿאַרחלומטן בליק אויף די בלויע קרײַזן רויך און דערציילט פֿון שיפֿן אויף ווײַטע אָקעאַנען וואָס ראַנגלען זיך מיט מעכטיקע הוראַקאַנען און וועגן שטערן וואָס פֿאַלן פֿון הימל אויף דער ערד און פֿאַרוואַנדלען זיך אין טײַערע דימענטן... טראַכטענדיק פֿון ליבן זיידן מאָטל האָט יאַנקעלע פֿאַרגעסן דעם הונגער וואָס האָט אים געפּײַניקט, דעם טרוקענעם הוסט און דעם פֿיוועך און איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

יאַנקעלע האָט גע׳חלומ׳ט אַז ער איז געזעסן נעבן אַ לאָך אין דער וואַנט און ער האָט אײַנגעאָטעמט די מילדע ווינטעלעך און צאַרטע ריחות פֿון דעם פֿרילינגדיקן, וואַרמען טאָג. די קנאָספּן אויפֿן קאַשטאַן־בוים וואָס איז געוואַקסן אין פֿראַנט פֿון הויז האָבן זיך ברייט געעפֿנט כּדי אויפֿצוכאַפּן זונס העלע ליכט וואָס האָט גע־פֿלייצט אין דעם שמאָלן געסל. די טראָטואַרן זײַנען געווען פֿול מיט שטאָטישע אײַנוואוינער זשעדנע צו אָטעמען ריינע לופֿט ווי אויך אַ קוק צו טאָן אויפֿן קאָליר־פֿולן, פֿרילינגדיקן הימל און די ווײַסל־ברעגן. יאַנקעלע האָט זיך צוגעהערט צום פֿריילעכן גערייד און צום געלעכטער פֿון די שפּאַצירענדיקע שכנים. אָבער דער אידישער אינגל איז נישט געווען פֿריילעך. וואָס מער ער האָט זיך צוגעהערט צום פֿריילעכן רעש אַלץ טרויעריקער און דערדריקטער איז ער געווען און דער הונגער האָט אים נאָך מער דאַקוטשעט. אין אַ בערגל מיסט וואָס אין אַ ווינקל זײַנען געלעגן די לעצטע עטלעכע זלאָטעס וואָס יאַנקעלע האָט פֿאַרמאָגט — אַן איבערבלײַב פֿון זײַנע עלטערן. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן חשק אײַנצוקויפֿן מיטן געלט אַ לאַבן פּריש, ברוין ברויט, אַ טעפּל מילך און אַ קליין שטיקל שאָקאָלאַד אין באַלעק׳ס שפּײַז־קראָם — דער איינציקער קראָם אין דער געגנט. ער האָט זיך אָבער תּיכּף

דערמאָנט אין די דײַטשע פּאַטרולן און אַ טיפע מורא האָט אים באַהערשט. ער האָט געהערט די פאַרצווייפלטע געשרייען פון זײַן שוועסטער בלומע ווען די רוצחישע ס. ס. לײַט האָבן זי געכאַפּט בעת זי איז געגאַנגען אין קראָם אַרײַן. אָבער אויך באַלעק דער פּוילישער אייגנטימער פון שפּײַז־קראָם איז געווען פײַנטלעך צו די אידישע קינדער. ער האָט זיי נישט איינמאָל באַליידיקט און אָפט פאַרקויפט זיי קאַליע־געוואָרענע פּראָדוקטן וואָס קיין אַנדערער קונה האָט נ־שט געוואָלט קויפן און דערצו האָט ער פאַר זיי גערעכנט אַ העכערן פּרײַז.

„גאָט, כ׳בין זייער הונגעריק, וואָס וועל איך עסן?״ האָט דער אינגל געשעפּ־טשעט. אין דעם מאָמענט האָט ער דערזען אַ ריזיק־הויכן מאַן. ער איז געשטאַנען האַרט נעבן אים. זײַן גרויס, רונדיק פּנים וואָס האָט אויסגעזען ווי פון שטיין און די לאַנגע אָרעמס און הויכע פּיס האָבן אים זייער געשראָקן. „מײַן ליבער זיידע מאָטל איז טויט און מײַנע טאַטע־מאַמע און מײַן שוועסטער בלומע זײַנען ערגעץ אין אַ דײַטשן לאַגער און איצט קומט אויך מײַן סוף!״... האָט יאַנקעלע ביטער געטראַכט ציטערנדיק פון שרעק. אָבער אין דער רגע האָט אויפגעלויכטן דאָס פּנים פון ריז מיט אַ ווייכן שמייכל און ער האָט געזאָגט: „האָב נישט קיין מורא יאַנקעלע, איך בין געקומען דיר העלפן. איך בין דער גולם, דײַן פרײַנד און באַשיצער״. יאַנקעלע האָט געקוקט אויפן גולם מיט חשד און געזאָגט: „קיינער טאָר נישט וויסן פון מײַן באַהעלטעניש. ווער האָט אײַך געלאָזט וויסן וועגן מיר און וואו איך געפין זיך?״ „גאָט האָט מיר אָנפאַרטרויט אַ סך סודות, יאַנקעלע״, האָט דער גולם שטיל געענט־פערט און באַלד צוגעגעבן: „מיט אַ סך יאָר צוריק האָט דער באַרימטער פּראַגער רב, דער מהר״ל מיך צוזאַמענגעשטעלט פון ליים און אַרײַנגעטאָן אין מיר דעם שם המפורש און דערפאַר בין איך געוואָרן זייער גרויס און שטאַרק. כ׳האָב דאַן אָפּגע־יאָגט אַ ווילדן, קריסטלעכן המון פון פּראַג׳ס אידישער געגנט און פונקט אַזוי וועל איך אויך איצט פאַרטיידיקן אידישע לעבנס, היימען און שיהלן״...

„דער זיידע האָט מיר דערציילט וועגן אײַך, אײַערע וואונדערלעכע כּוחות און העלדישקײַט. זינט די דײַטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט און גענומען אַרעסטירן און מאָרדן אידן האַלט איך אין איין טראַכטן און חלומען פון אײַך״, האָט יאַנקעלע געזאָגט.

דער גולם האָט אַ גלעט געטאָן יאַנקעלע׳ס האָר און ווייך געזאָגט: „פון איצט אָן וועל איך דיך באַשיצן, מײַן זון״. יאַנקעלע האָט אַ רגע געטראַכט און געפרעגט: „גולם, פאַרוואָס זײַט איר נישט געקומען פריער?! איר וואָלט דאָך געקענט ראַטע־ווען מײַן זיידן מאָטל פון די דײַטשע מערדער און מײַנע טאַטע־מאַמע און מײַן שוועסטער בלומע פון די שרעקלעכע לאַגערן?״ דעם גולמ׳ס אויגן זײַנען אָנגע־לאָפן מיט טרערן. ער האָט געגעבן אַ זיפץ און געענטפערט מיט אַ שטילע שטימע: „ביסט גערעכט יאַנקעלע, ביסט זייער גערעכט. כ׳האָב נישט קיין ענטפער אויף דײַנע פראַגן, טײַער קינד״... „כ׳בעט אײַך גולם, גייט מיט מיר אין באַלעק׳ס

שפּײַז־קראָם ווײַל איך בין זייער הונגעריק. כ׳האָב נעכטן אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן, קוים וואָס איך קען שטיין אויף מײַנע פּיס. און פון שפּײַז־געוועלב פירט מיך צום ברעג פון דער ווײַסל ווי מײַן ליבער זיידע פלעגט טאָן ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער אינגל. כ׳דאַרף זייער האָבן אַ ביסל זונליכט און ריינע לופט ווײַל איך לײַד פון הויכן פיוועך און דורך די נעכט הוסט איך אָן אויפהער״...

„זיכער וועל איך דאָס טאָן, יאַנקעלע״, האָט דער גולם וואַרעם געזאָגט און מיט זײַן גרויסער, שטאַרקער האַנט אָנגענומען יאַנקעלע׳ס קליין, דאַר הענטעלע און ביידע זײַנען אַראָפּגעגאַנגען איבער די האַלב־פאַרברענטע טרעפּ אויף דער גאַס אַרויס און גענומען גיין אין דער ריכטונג פון באַלעק׳ס שפּײַז־קראָם. ווען זיי האָבן געהאַלטן בײַם פאַרבײַגיין אַ קליינע, חרובע הײַזקע, האָט יאַנקעלע געזאָגט: „דאָ וואוינען מײַנע דרײַ פרײַנט: שימעלע, שרה און דוד און אויך זיי זײַנען הונגעריק און קראַנק. כ׳בעט אײַך, גולם, זײַט אַזוי גוט און דערלויבט זיי קומען מיט אונדז״. דער גולם האָט אַ שמייכל געטאָן און אויסגערופן: „גיי גיך מײַן קינד, און לאָז וויסן דײַנע פרײַנט אַז איך וואַרט אויף זיי מיט נײַגער און ליבשאַפט״.

יאַנקעלע איז אַראָפּגעגאַנגען אַ צאָל קרומע, צעבראָכענע טרעפּ וואָס האָבן געפירט אין אַ טונקעלן קעלער און דערציילט זײַנע פרײַנט פון אומגעווײנלעכן באַזוכער — דעם גוט־האַרציקן גולם און אַז ער גייט מיט אונדז אין באַלעק׳ס קראָם און פון דאָרט צום טײַכ׳ס ברעג...

שימעלע און שרה האָבן געקראָגן מורא און געזאָגט: „אפשר איז ער גאָר אַ דײַטש?...״

„ניין! ער איז נישט קיין איד און נישט קיין דײַטש. אַ גרויסער רב האָט אים אויפגעבויט פון ליים און ער איז זייער גרויס און שטאַרק און איז גרייט אונדז צו העלפן ווען מיר אידן לײַדן״. האָט יאַנקעלע געענטפערט. „און וואָס פאַר אַ שפּראַך רעדט ער?״ האָט דוד געפרעגט. „דער גולם רעדט אידיש פונקט ווי מײַן זיידע מאָטל און מײַנע טאַטע־מאַמע האָבן צו מיר גערעדט״...

די קינדער זײַנען געוואָרן פריילעך און אַלע פיר זײַנען אַרויס אויפן גאַס און זיך געטוליעט צום גוט־האַרציקן ריז. „ווײ, ווי בלאַס און שוואַך איר זײַט! קומט לאָמיר גיין אין שפּײַז־קראָם, וואו איר וועט עסן און טרינקען צו דער זעט״, האָט דער גולם געזאָגט, אַרומנעמענדיק זיי מיט זײַנע לאַנגע, שוצנדיקע אָרעמס.

ווי נאָר זיי זײַנען אַרײַן אין שפּײַז־קראָם האָט דער גולם אויסגערופן מיט אַ שטאַרקע שטימע: „באַלעק, גיב די קינדער צו עסן און טרינקען — ברויט, מילך, קעז, פרוכטן, שאָקאָלאַד — זיי זײַנען זייער הונגעריק. און געדענק מער נישט צו באַעולה׳ן און באַליידיקן אונדזערע ליבע קינדער ווען זיי זײַנען טיפער און גרעסער פון די אָקעאַן־וואַסערן״. און ער האָט דראָענדיק אַ מאַך געטאָן מיטן ווײַזפינגער פון דער רעכטער האַנט אין באַלעק׳ס ריכטונג... דער פאַלאַק איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַ דערשראָקענער, אַ בלאַסער ווי די וואַנט. באַלד האָט ער זיך אַ ריס

געטאָן פון אָרט און איז אַרײַנגעלאָפן אין שפּײַז־צימערל און נאָך אַ צאָל גיכע, גע־שפּאַנטע רגע׳ס איז ער צוריקגעקומען מיט אַ גרויסע טאַץ פול מיט ברויט, קעז, מילך, אייער, פּרוכטן און שאָקאָלאַד...

מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער אַוועקגעשטעלט די טאַץ פאַר די הונגעריקע קינדער וואָס האָבן מיט אַ וועלפישן אַפּעטיט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די עסנס.

„עסט געזונט, ליבע, טײַערע קינדער!״ האָט אויסגערופן דער גולם און פון אַ קעשענע האָט ער אַרויסגענומען עטלעכע גרויסע, בלישטשעדיקע מטבעות און זיי אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

„אַ דאַנק... אַ דאַנק...״ האָט דער פּאַלאַק געשטאַמלט פון שרעק.

דער קורצער וועג פון שפּײַז־קראָם צו דער ווײַסל האָט געפירט פאַזע קליינע, שטילע הײַזקעס. פון די פענסטער האָבן אַלטע לײַט, פרויען און קינדער געקוקט מיט נײַגער און שרעק אויפן גולם און די פיר אידישע קינדער. דאָ און דאָרט זײַנען צווישן די הײַזקעס געווען גערטנדלעך און קליינע שפּיל־פּלעצער אויף וועלכע ס׳האָבן זיך געשפּילט פריילעכע קינדער.

די אידישע קינדער האָבן מיט צער און פאַרדרוס געקוקט אויף די קריסט־לעכע, טומלענדיקע קינדער. שרה האָט מער נישט געקענט צוריקהאַלטן אירע געפילן און אויסגערופן: „די קריסטלעכע קינדער ווייסן אַפילו נישט אַז ס׳קומט פאַר אַ שרעקלעכע מלחמה אין וועלכער ס׳קומען אום מיליאָנען אידן — דערוואַקסענע און קינדער. זיי שפּרינגען, טאַנצן, לאַכן, און מסתּם עסן זיי יעדן טאָג צו דער זעט גוטע, נאַרהאַפטע שפּײַזן, אינדערצײַט ווען מיר, אידישע קינדער לעבן אין פינ־סטערע קעלערס און לעכער, הונגעריקע, קראַנקע און פול מיט שרעק...

„האָסט זייער גוט געזאָגט, שרה׳לע״, האָט שימעלע קאָמפּלימענטירט און יאַנ־קעלע און דוד האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּלעך ווי אַ סימן פון אײַנשטימיקײַט.

„אָט איז די ווײַסל!״ — האָט אויסגערופן יאַנקעלע — „דערזעלבער גרויסער, רעשיקער טײַך ווי ווען מײַן ליבער זיידע מאָטל פלעגט מיך דאָ ברענגען״.

„פאַרברענגט גוט ליבע קינדער! איר פאַרדינט דאָס מער פון יעדן איינעם״! האָט אויסגערופן דער גולם. און אין מילדן זונליכט, אויפן נײַעם גראָז, האָבן די קינ־דער פריילעך פאַרברענגט און געשטיפט. זיי האָבן אָנגעריסן נאַרציזן, די ערשטע נאַרציזן אין פרילינג און שרה האָט פון זיי געמאַכט אַ רונדן אָרנאַמענט און אים אָנגעטאָן אויפן קאָפּ פון גולם וואָס איז אַ פריילעכער, אַ לאַכנדיקער געזעסן אויפן גראָז. די קינדער האָבן געטאַנצט אַרום לאַכנדיקן גולם, געקלאַפּט מיט די הענט־לעך און געזונגען:

קײַן טרויער, קײַן טרערן,<br>
מער הויערט נישט די שרעק.<br>
אַז דער גולם איז מיט אונדז,<br>
ליב איז דער לעבנס־וועג.

וויַט אַוועק זיַינען געשטאַנען שוואַרץ־מונדירטע ס. ס. לייַט און זייערע מיט־העלפער און האָבן געקוקט מיט וועלפישע, גרויזאַמע אויגן אויפן גולם און די אידישע קינדער. אַ טיפע שרעק האָט געגעסן זייערע הערצער און זיי האָבן נישט געוואַגט צו שטעלן אַ טראָט און קומען נענטער. —

*   *   *

פלוצעם האָט אַ קאַלטער ווינט אַ יאָג געטאָן פון דער וויַסל און יאַנקעלע האָט גענומען הוסטן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט פאַרשטאַנען אַז אַלץ וואָס ער האָט געזען און געהערט איז געווען אַ חלום.———

# דער סנה

אין אַ אַאַזיס, אין דער מיט פון הויכע, שיינע ביימער, איז געוואַקסן אַ קליין ביימל. כאָטש דעם ביימלס שטאַם איז געווען שטאַרק, זיַינען אָבער די צוויַיגן געווען דינע, שוואַכע, און די ווייניקע בלעטער און פרוכטן האָבן זיך קוים אויף זיי גע־האַלטן. די בעדואינער וואָס פלעגן זיך אָפּשטעלן אין אַאַזיס האָבן גערן גערוט אין שאָטן פון די גרויסע ביימער און הנאה געהאַט פון זייערע זאַפטיקע פרוכטן. קיינער איז אָבער נישט געקומען צום קליינעם ביימל. נאָר די הייסע מדבר־ווינטן האָבן ניט אויסגעמיטן דאָס ביימל. זיי האָבן געצילט אים אויסצורייַסן פון זאַמדיקן באָדן און געבלאָזן אויף אים מיט דער גאַנצער קראַפט.

איין טאָג האָט דאָס ביימל זיך פאַרטראַכט וועגן זיַין שווערן גורל און גע־פרעגט די גרויסע, דערפאַרענע ביימער: „פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שווערע דאָלע?" — „אַזוי איז דער דרך אין דער וועלט און קיינער קען דאָס ניט בייַטן", האָבן די גרויסע, דערפאַרענע ביימער געענטפערט. דער האַרבער ענטפער האָט נאָך מער געדריקט דאָס ביימל.

אין איין שיינעם נאָכמיטאָג האָט אַ פלאַם־פיַיער אַרומגעכאַפּט דאָס ביימל. דער סנה האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, געטרייסלט נערוועז מיט די צוויַיגלעך און אויסגע־רופן: „איינזאַמקייַט און הייסע מדבר־ווינטן זיַינען געווי̇ס שלעכט, אָבער פיַיער איז נאָך ערגער. איצט קומט מיַין סוף".

דאָס פיַיער האָט אויפגעלויכטן פלאַמיק־העל און ווייך געזאָגט: „האָב ניט קיין מורא סנה, וויַיל איך בין ניט דאָס פיַיער וואָס פאַרברענט. איך בין דאָס פיַיער וואָס איז געשיקט געוואָרן פון ג־ט פון ליבע און רחמנות. באַלד וועסטו הערן און זען אַזוינס וואָס קיין בוים האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט און געזען".

און אַזוי האָט טאַקע פאַסירט ווי דאָס פיַיער האָט געזאָגט. דאָס ביימל האָט

מיטאַמאָל געזען ווי אַ פּאַסטעך שטייט פֿונדערווײַטנס און קוקט אויף אים פֿאַר־גאַפֿט. באַלד האָט דער פּאַסטעך איבערגעלאָזט זײַנע שאָף און געגעבן צום ביימל, געוואויר צו ווערן וויאַזוי ער שטייט אין פֿלאַמען און ווערט נישט פֿאַרברענט. דער פּאַסטעך איז געווען משה. אין דעם מאָמענט האָט זיך פֿון פֿלאַם אַרויס דערהערט ג־ט׳ס שטימע וואָס האָט באַפֿוילן משה׳ן ער זאָל גיין צו פּרעה׳ן דעם קעניג פֿון מצרים און אים זאָגן אַז ער זאָל באַפֿרײַען די אידן. ווען משה איז אַוועק האָט ג־ט געזאָגט צום סנה: „זײַ צופֿרידן מיט דײַן גורל, ווײַל האָסט געפֿונען חסד אין מײַנע אויגן. זאָלן די מדבר־ווינטן, הייסע זון און איינזאַמקײַט דיך מער ניט אָרן״. זינט דאַן איז דער סנה געווען צופֿרידן מיט זײַן גורל און זיך מער נישט באַקלאָגט.

## די צעבראָכענע לוחות

נאָך דעם ווי משה האָט צעבראָכן די לוחות, האָבן די שטיקלעך שטיין זיך באַ־קלאָגט פֿאַר גאָט און געזאָגט:

„באַשעפֿער פֿון דער וועלט! דורך אומענדלעכע צײַטן האָבן מיר געוואַרט אַז משה זאָל קומען צו אונדז. ס׳האָט אונדז נישט געאַרט דאָס בייזע יאָגן פֿון ווינט, נישט די ברענענדיקע זון און ניט דער גאָס־רעגן, ווײַל מיר האָבן געחלומ׳ט פֿון טאָג ווען משה וועט אויף איינעם פֿון אונדז שטיינער אויסקריצן די צען געבאָט. איז פֿאַרוואָס קומט אונדז אַזאַ האַרבע שטראָף? איז עס אונדזער שולד וואָס אַ צאָל ייִדן האָבן געפֿורעמט אַ גאָלדן קאַלב און זיך געבוקט צו אים ווען משה איז געווען אויפֿן באַרג סיני?״

אַ שטילקײַט איז געלעגן איבער די זאַמדן פֿון מדבר, איבער די רייען געצעלטן אין וועלכע די ייִדן האָבן געוואוינט, און אויפֿן באַרג סיני. מיט אַמאָל האָט זיך דער־הערט גאָטס שטים:

„שטיקלעך שטיינער פֿון די צעבראָכענע לוחות: כ׳שעך ביז גאָר אײַער טרײַ־שאַפֿט צו מײַנע געבאָטן און צו מײַן דינער משה און דערפֿאַר וועל איך אײַך געבן אַ וויכטיקע שליחות״.

באַלד האָט אַ יאָג געטאָן איבערן מדבר אַ שטאַרקער ווינט. דער ווינט האָט אַ כאַפּ געטאָן די שטיקלעך און פּיצלעך שטיינער און זיי אַוועקגעטראָגן העט־ווײַט קײַן ירושלים. אַלע שטיינדלעך מיטן אויסנאָם פֿון איינעם וואָס האָט געהאַט שאַרפֿע ראַנדן, זײַנען געפֿאַלן אויפֿן בערגל מוריה וואָס אינדערמיט פֿון ירושלים. דאָס שאַרף־ראַנדיקע שטיינדל האָט דער ווינט געטראָגן מערב־צו, און ס׳איז געפֿאַלן אויפֿן ברעג פֿון אַ טײַכל.

דורות זײַנען געקומען און זײַנען אַוועק. איין טאָג האָט אַ העלדישער, יונגער

פּאַסטעך מיטן נאָמען דוד, אויפגעהויבן דעם שאַרף־ראַנדיקן שטיין און אים געצילט אין ריז גלית, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער פּלשתים־אַרמיי און האָט געשפּאָט פון די ייִדן.

„איך מוז טרעפן גליתן, טויטן אים, און אַזוי אַרום ראַטעווען די ייִדן פון די פּלישתים״, האָט דער שטיין בייז געזאָגט ווי נאָר ער האָט אַ פלי געטאָן פון דודס האַנט. אַ דאַנק אָט דעם שטיין וואָס האָט זיך טיף אײַנגעשניטן אין שטערן פון ריז האָבן די ייִדן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג.

גאָר אַנדערש האָט פּאַסירט מיט די קלענערע שטיקלעך שטיינער וואָס זײַנען געפאַלן אויפן בערגל מוריה. אַ לאַנגע צײַט האָבן זיי מיט טרויער זיך צוגעקוקט צו די אַרומיקע אײַנוואוינער און צו זייער פּאַגאַנישן אַרט לעבן. ווען דער קעניג דוד האָט אײַנגענומען ירושלים און זי פּראָקלאַמירט ווי די הויפּט־שטאָט פון לאַנד, זײַנען זיי געווען גאָר פריילעך. נאָכן טויט פון קעניג דוד האָט געהערשט איבערן לאַנד זײַן זון שלמה און ער האָט עס באַפוילן בויען דעם בית־המקדש אויפן באַרג מוריה. אין לויף פון דער לאַנגער צײַט זײַנען די שטיקלעך פון די צעבראָכענע לוחות געוואָרן איין גרויסער שטיין. די בויערס האָבן דעם שטיין גענוצט ווי אַ ווינקל־שטיין פאַרן בית־המקדש. אַזוי אַרום האָבן די שטיקער און שטיקלעך פון די צעבראָכענע לוחות דערפילט די שליחות וואָס גאָט האָט זיי געגעבן.

# דעם מלך דוד׳ס האַרפע

דער מלך דוד איז געווען אַ געניטער קריגס־פירער. אַ דאַנק זײַן דערפאַרונג און טאַלאַנט אויפן קריגס־פעלד האָט ער באַזיגט די קריגערישע שכנים וואָס האָבן פּלאַנירט צו צעשטערן דאָס ייִדישע לאַנד. נישט ווייניקער באַרימט איז ער אויך געווען פאַר זײַן מוזיקאַלישן טאַלאַנט. אין די אָוונטן, ווען די זון האָט גענידערט אונטער די בערגלעך וואָס נעמען אַרום ירושלים איז דער קעניג דוד געזעסן אין אַ גרויסן פּאַלאַץ־צימער מיט פרײַנד און געשפּילט אויף זײַן האַרפע שיינע לידער.

אַז דוד איז אַלט געוואָרן האָט ער גערופן צו זיך זײַן זון שלמה וואָס איז נאָר־וואָס געוואָרן קעניג און אים אַזוי געזאָגט: „כ׳ווייס וואויל אַז ווען־עס־איז וועסטו אויפבויען דעם בית המקדש וואוהין דאָס פאָלק וועט קומען מתפּלל זײַן און מקריב זײַן קרבנות. איז בעט איך דיר אַז ווען דער בית המקדש וועט זײַן פאַרענדיקט, זאָלסטו צווישן אַלע אַנדערע כלי זמר וואָס וועסט דאָרט אַרײַננעמען נישט פאַרגעסן מײַן באַליבטע האַרפע כדי די לויים זאָלן אויף איר שפּילן.

דער יונגער קעניג שלמה האָט דערפילט דעם טאַטן׳ס וואונטש. ווי־נאָר ר׳האָט אויפגעבויט דעם בית המקדש האָט ער אַרײַנגענומען דוד׳ס האַרפע. אַז די ימים

טובים זײַנען געקומען האָבן די לויים געשפּילט אויף די כלי זמר. דאָס פֿאָלק האָט מיט הנאה זיך צוגעהערט צו די שיינע מעלאָדיעס, אָבער דעם גרעסטן פֿאַרגעניגן האָבן זיי געהאַט בײַם צוהערן זיך צום שפּילן פֿון דוד׳ס האַרפֿע. „וואָספֿאַראַ וואונדערלעכער אינסטרומענט!״ פֿלעגן די מתפּללים זאָגן איינער צום אַנדערן. —

אַ סך יאָרן זײַנען פֿאַרבײַ. אַ שווערע צײַט איז געקומען פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק. אַ שטאַרקע באַבילאָנישע אַרמיי איז באַפֿאַלן דאָס אידישע לאַנד. די אידן האָבן געקעמפֿט העלדיש אָבער זיי האָבן נישט געקענט פֿאַרהאַלטן דעם מאַרש פֿון שׂונא. באַלד זײַנען יהודה און די הויפּט־שטאָט ירושלים געלעגן אין באַבילאָנישע הענט. דוד׳ס האַרפֿע איז געווען זייער טרויעריק. „שוועסטער און ברידער״ — האָט זי געזאָגט צו די מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, — „אַזוי לאַנג ווי די באַבילאָנישע אַרמיי געפֿינט זיך אין יהודה וועלן מיר ווי אַ צייכן פֿון פּראָטעסט — שווײַגן. ערשט דאַן ווען דאָס אידישע לאַנד וועט ווערן פֿרײַ פֿון שׂונא וועלן מיר אויפֿסנײַ שפּילן שיינע, לירישע לידער״. די האַרפֿע האָט נאָך געוואָלט עפּעס צוגעבן, אָבער אין דעם מאָמענט איז אַרײַן אַ באַבילאָנישער סאָלדאַט, אַ כאַפּ געטאָן זי און גיך אַוועק. דער סאָלדאַט האָט געברענגט די האַרפֿע ווי אַ מתּנה צום באַבילאָנישן קעניג נבוכדנצר. —

נבוכדנצר האָט זיך דערפֿרייט מיט דער מתּנה. ער האָט אײַנגעאָרדנט אַ גרויסע סעודה צו וועלכער ער האָט אײַנגעלאַדן הויכע אָפֿיצירן און וויכטיקע פֿרײַנד. בעת דער סעודה האָט אַ טאַלאַנטפֿולער הויף־מוזיקער געזאָלט שפּילן אויף דער האַרפֿע. אָבער אומזיסט האָט דער מוזיקער זיך באַמיט אַרויסקריגן אַ קלאַנג פֿון דער האַרפֿע. די סטרונעס האָבן זיך נישט קיין ריר געטאָן...

דער באַבילאָנישער קעניג איז געוואָרן אויפֿגעקאָכט. ער האָט באַפֿוילן דער־הרג׳נען דעם מוזיקער און די האַרפֿע האָט ער געהייסן אַוועקשטעלן אין אַ ווײַטן ווינקל אין פּאַלאַץ. אַ פֿאַרגעסענע, אַ טרויעריקע, איז דוד׳ס האַרפֿע געשטאַנען אינעם ווײַטן, שאָטנדיקן ווינקל און געטראַכט וועגן די פֿריילעכע, יום־טוב׳דיקע טעג ווען די לויים האָבן אין אַ געפּאַקטן בית המקדש געשפּילט אויף איר מעלאָדיעס וואָס האָבן אויסגעדריקט די גרויסקײַט פֿון גאָט און פֿון זײַן באַשאַף.

איין נאַכט איז דער פּאַלאַץ געווען באַלויכטן מיט העלע ליכטער. בײַם אַרײַנ־גאַנג זײַנען געשטאַנען די קעניגלעכע וועכטער אין שיינעם אָנטועכץ. אין אַ גרויסן זאַל איז פֿאָרגעקומען אַ פּײַערלעכע סעודה. דער קעניג נבוכדנצר און די געסט האָבן פֿיל געגעסן און געטרונקען. אַ פֿריילעכער רעש האָט זיך געטראָגן איבערן זאַל. נאָר מיטאַמאָל איז דער טומל געוואָרן שטיל. אין דער מאָמענט האָט דוד׳ס האַרפֿע דערפֿילט אַ טיפֿע פֿרייד, די סטרונעס האָבן פֿון זיך אַליין גענומען זיך באַ־וועגן און זיי האָבן אויסגעשפּילט אַ פֿריילעכע מעלאָדיע. דער קעניג און די געסט זײַנען געווען דערשטוינט. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער רעש. די טויערן פֿון פּאַלאַץ האָבן זיך געעפֿנט און אַ מאַסע באַוואָפֿנטע פּערסישע סאָלדאַטן

איז אַרײַן אינעווייניק. יענע נאַכט האָבן די פּערסיער פאַרנומען בבל. דער ליבע־ראַלער פּערסישער קעניג כורש האָט דערלויבט די אידן זיך אומקערן אין זייער לאַנד און אויפבויען דעם בית המקדש אין ירושלים. דוד׳ס האַרפע איז ווידער געווען מיט די בויערס און באַשיצערס פון אידישן לאַנד אין דעם נײַ־אויפגעבויטן בית המקדש און די לויים האָבן ווי אַמאָל געשפּילט אויף איר שיינע, ליריש מעלאָדיעס.

# משה און די טויב

נאָכדעם ווי משה האָט דער׳הרג׳עט דעם מצרי איז ער אַנטלאָפן אין מדבר אַרײַן. ער איז גיך געלאָפן ווײַל פּרעה׳ס באַוואָפנטע וועכטער האָבן זיך געיאָגט נאָך אים. אַראָפּלויפנדיק פון אַ הויך בערגל איז ער געפאַלן אויף אַ פעלז און באַשע־דיקט די פיס. משה האָט מערערע מאָל זיך באַמיט אויפצוהייבן צו לויפן וואָס ווײַטער פון די עגיפּטישע פאַרפאָלגערס, אָבער ער האָט נישט געקענט זיך אויפ־הייבן. די פיס האָבן אים ווײ געטאָן און דער קערפּער איז געווען דערשעפּט פון דער שווערער היץ. די זון האָט געברענט, געבאַקן די מדבר׳דיקע ערד און אַלץ וואָס אויף איר אָן רחמנות... „איז עס מעגלעך אַז איך וועל שטאַרבן אין הייסן מדבר? וועל איך נישט זײַן אין שטאַנד צו באַפרײַען מײַנע ברידער און שוועסטער פון עגיפּטישן יאָך?" האָט משה ביטער געטראַכט.

אין דעם מאָמענט האָט ער געהערט דאָס אַנגענעם־ווייכע קלאַפּן פון פליגל. אַ ווײַסע טויב, אַזוי ווײַס און איידל ווי דאָס בליעכץ פון אַ נארציז האָט נידריק געק־רײַזט איבער אים און אין דער רגע איז אַ טראָפּן וואַסער געפאַלן אויף זײַנע טרו־קענע הייסע ליפּן... משה האָט געטראַכט: „איז עס אַ חלום, אָדער דאָס האָט אויף אַן אמת פּאַסירט?"... עטלעכע רגע׳ס שפּעטער האָט ער ווידער געהערט דאָס ווייכע קלאַפּן פון פייגלשע פליגל און ווידער איז אַ טראָפּן וואַסער געפאַלן אויף זײַנע ליפּן. „וואונדער איבער וואונדער! דער גאָט פון ישׂראל און דער וועלט פאַר־געסט מיך נישט ווען איך ליג קראַנק און אָן כוחות"... האָט משה געטראַכט.

די טויב איז אַזוי געפלויגן מערערע מאָל פון משה׳ן צו אַ קוואַל וואַסער און צוריק צו אים. יעדעס מאָל זי איז געפלויגן איבער משה׳ן האָט זי פון איר שנאָבל געלאָזט פאַלן אַ טראָפּן וואַסער אויף זײַנע ליפּן. אַ דאַנק דער גוטסקײַט פון דער טויב איז ער גיך געקומען צו זיך און געפילט אַ סך שטאַרקער. ער האָט זיך אויפגע־הויבן און זיך געלאָזט גיין אין דער טיפעניש פון מדבר וואו ער איז געווען ווײַט אַוועק פון פּרעה׳ס וועכטער.

טעג און נעכט זײַנען געקומען און אַוועק. משה איז נישט מער געווען אַן איינ־

זאַמער וואַנדערער אין דער מדבר. ער איז געווען פאַרהייראַט צו ציפורה די טאָכטער פון יתרו און זיי האָבן צופרידן געלעבט. איין מאָרגן, בעת ער האָט געפּאַשעט זײַן שווער׳ס שעפּסן האָט ער געזען ווי אַ ווײַסע טויב פליט צו אים. ווען די טויב איז געווען גאָר נאָענט האָט זי עטלעכע מאָל געקרײַזט איבער משה׳ן ווי זי וואָלט געלאָזט אים וויסן אַז אַ וויכטיקע געשעעניש קומט פאָר, און ער, דער באַפרײַער און מנהיג פון זיין פאָלק דאַרף וויסן דערפון... אַז משה האָט אויפמערקזאַם אָבסערווירט דער טויב׳ס פליען און צירקלען האָט ער זיך דערמאָנט אין דער רחמנות׳דיקער טויב וואָס האָט אים געראַטעוועט פון באַשעדיקונג און דערשעפונג בעת ער איז אַ הילפלאָזער געלעגן אויף דער הייסער זון. „דאָס איז דיזעלבע טויב!״ האָט ער געטראַכט און ער האָט גיך צונויפגענומען די שעפּסן און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון דעם אָרט וואו די טויב האָט זיך אַראָפּגעלאָזט.

באַלד האָט ער דערזען אַן אומגעוויינלעכע זעאונג. אינדערמיט פון הויכע, שטאַרקע ביימער וועמענ׳ס שטאַמען זײַנען געווען באַדעקט מיט דיקע, גרינע צווײַגן און בלעטער איז געשטאַנען אַ קליינער, דינער בוים אין פלאַמען.

נאָר אויף איין צווײַגל וואוהין די פלאַמען האָבן נאָך נישט דערגרייכט איז געהאָנגען אַ נעסט פון וועלכער ס׳האָבן אַרויסגעשטעקט צעשראָקענע קעפּלעך פון יונגע טײַבעלעך. און האַרט נעבן דעם ברענענדיקן ביימל, אויף אַן אָפּגעזונדערטן שטאַם איז פונקט אַזוי אַ דערשראָקענע געשטאַנען די מאַמע־טויב און נערוועז געפּאַטשט מיט די פליגל. משה האָט פאַרשטאַנען דער טויב׳ס נערוועז צירקלען און פּאַטשן מיט די פליגל.

„אַ לאַדע מינוט וועלן די פלאַמען זיך הייבן העכער און זיי וועלן אַרומנעמען דאָס גאַנצע ביימל און דאַן וועלן דער טויב׳ס חנ׳עוודיקע קינדער אומקומען״, האָט משה געטראַכט מיט באַדויער און ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט דורך דעם פײַער כּדי צו ראַטעווען די נעסט מיט די טײַבעלעך פון אומקום... אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער געהערט ווי די שטימע פון גאָט האָט זיך געטראָגן פון פײַער און ער האָט פאַרשטאַנען אַז די פלאַמען וועלן נישט פאַרברענען דאָס ביימל און נישט דער טויב׳ס קינדער. אויך די מאַמע־טויב האָט דאָס באַגריפן ווײַל זי האָט זיך פאַראייניקט מיט אירע קינדער אין דער נעסט און קוקנדיק מיט אירע שיינע אויגן האָט זי זיך צוגעהערט צו גאָט׳ס שטים וואָס האָט באַפוילן משהן אַז ער זאָל גיין צו פּרעה דעם קעניג פון מצרים און אים זאָגן אַז ער זאָל באַפרײַען פון קנעכטשאַפט די בני ישׂראל —

# משה רבינו און דער וואָראָבייטשיק

אַז ס'איז נישט געווען וואָס צו עסן אין דעם מדבר, איז פון הימל געפאַלן דער מן. די ייִדן האָבן יעדן טאָג זיך אַרויסגעלאָזט פון די געצעלטן, צונויפגעקליבן דעם געשמאַקן מן, אים געגעסן און געוואָרן זאַט.

אָבער ווי נאָר די חיות און פייגל האָבן נאָר איינמאָל פאַרזוכט דעם מן, האָבן זיי אים זייער ליב געקראָגן. האָט טאַקע פּאַסירט אַז ס'איז נישט געווען גענוג מן פאַר די ייִדן און זיי האָבן נישט געגעסן צו דער זעט. ווען דער קעניג פון די חיות, דער לייב, און דער קעניג פון די פייגל, דער אָדלער, האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָבן זיי גלײַך געלאָזט וויסן אַלע באַשעפענישן נישט צו עסן דעם מן, ווײַל דאָס איז די ייִדנס איינציקע שפּײַז אין דער מדבר. האָבן טאַקע די חיות און פייגל נישט צוגע־רירט זיך צו די באַטעמטע שטיקלעך מן וואָס זײַנען יעדן באַגינען געפאַלן אויפן זאַמד.

כדי צו זײַן זיכער אַז דער באַפעל ווערט געהעריק אָפּגעהיט, איז דער מעכ־טיקער אָדלער אַרומגעפלויגן הויך איבערן מדבר און מיט אַ שאַרפן בליק נאָכגע־קוקט צי די חיות און פייגל היטן אָפּ דעם פאַרבאָט. דער לייב ווידער האָט באַזוכט די וועלדלעך און פעלדזן, וואו דעם אָדלערס בליק האָט ניט געקענט דערגרייכן.

האָט פּאַסירט אַז דער איינציקער וואָראָבייטשיק אין מדבר, דער שטענדיק הונגעריקער וואָראָבייטשיק, איז בשעת מעשׂה געווען ווײַט אַוועק. ער האָט נישט געוואוסט אַז דער אָדלער און לייב האָבן באַפוילן נישט צו עסן דעם מן. איז ווי נאָר ער איז געקומען צוריק פון דער ווײַט און האָט דערזען די קרישטאָלענע שטיקלעך מן, האָט ער זיי גענומען גיריק עסן. דאָס האָט פון דער הייך דערזען דער ריזיקער אָדלער. ער איז געוואָרן זייער בייז וואָס אַזאַ קליינער, שוואַכער פויגל וואַגט צו ברעכן די דיסציפּלין און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אים צו דערהרגענען. אין אַן אויגנבליק איז דער וואָראָבייטשיק געלעגן אויפ'ן זאַמד אַ הילפלאָזער, אַ ציטער־דיקער פאַר'ן אָדלער. דער קעניג פון די פייגל איז גרייט געווען צו טויטן דעם צעשראָקענעם פויגל מיט זײַן שאַרפן, גרויסן שנאָבל. נאָר אין דעם מאָמענט איז משה אַרויס פון זײַן געצעלט און מיט זײַן שטעקן האָט ער פאַריאָגט דעם אָדלער. ער האָט גענומען דעם קליינעם פויגל צו זיך אין געצעלט אַרײַן און יעדן טאָג אים געשפּײַזט מיט אַ טייל פון זײַן אייגענער פּאָרציע מן. ווען די בני ישׂראל האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָבן זיי שטאַרק געלויבט משה'ן און אים נאָך מער פאַר־ערט ווי פריער.

# דער קעניג שלמה און די טויב

אין הויף פון קעניג שלמה׳ס פּאַלאַץ זײַנען אַרומגעפלויגן פאַרשידענע סאָרטן פייגל. פון אַלע געגנטן אין לאַנד און אַפילו פון די שכנותדיקע לענדער פלעגן די פייגל קומען אין הויף פון מלכס פּאַלאַץ ווײַל זיי האָבן געוואוסט אַז ער האָט זיי ליב פאַר זייער שיינקייט, געזאַנג און חכמה.

דער קעניג שלמה וואָס האָט פאַרשטאַנען די לשונות פון די פייגל, פלעגט לאַנגע שעהן זיך צוהערן צו זייער רעדן און זינגען. און פון אַלע פייגל האָט ער מער ליב געהאַט אַ פּאָר שניי־ווײַסע טויבן. שלמה, וואָס האָט פאַרשטאַנען ווי וויכטיק ס׳איז שלום צווישן יחידים און פעלקער, האָט באַזונדערס ליב געהאַט די צוויי צאַרטע באַשעפענישן, וואָס סימבאָליזירן דעם פרידן.

האָט איינמאָל פּאַסירט אַז איינע פון די טויבן איז געפלויגן ווײַט פון ירושלים, איבער אַ פעלד, וואו ס׳איז פאָרגעקומען אַ מלחמה. מחנות מענטשן באַוואָפנטע מיט פײַלן און בויגנס, שפּיזן און העק האָבן זיך געוואָרפן איינע אויף די אַנדערע. אַ סך טויטע און פאַרוואונדעטע זײַנען געלעגן אויפן פעלד און קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף זיי. די טויב האָט אויפגעציטערט. גיך־גיך איז זי צוריקגעפלויגן קיין ירושלים און האָט דערציילט דער אַנדערער טויב וועגן די שרעקלעכע זאַכן, וואָס זי האָט צוגעזען.

דער קיניג איז פונקט דעמאָלט געשטאַנען אויפ׳ן הויף און האָט זיך גוט צוגע־הערט צו דעם וואָס די טויב האָט מיט אַ טרויעריקע שטים דערציילט. ער האָט גלײַך געהייסן אײַנשפּאַנען זײַן קאַרעטע מיט די שנעלסטע פערד און זיך געלאָזט צום אָרט וואו די פײַנטלעכע אַרמייען האָבן געקעמפט צווישן זיך. ווען די קריגער פון ביידע זײַטן האָבן דערזען אַז דער קעניג איז צו זיי געקומען, האָבן זיי אויפגעהערט זיך שלאָגן. דער קעניג האָט צו זיי גערעדט פרײַנטלעך און אַזוי אַרום געמאַכט שלום צווישן זיי. דערנאָך האָט ער זיך פאַרנומען מיט געבן הילף די פאַר־וואונדעטע און באַפוילן מ׳זאָל באַגראָבן די טויטע.

אויפ׳ן וועג אַהיים האָט שלמה לאַנג געטראַכט ווי שלעכט ס׳איז פאַר מענטשן מלחמה און ווי גוט ס׳איז שלום. אָבער מענטשן דאַרף מען דערציען אַז זיי זאָלן ליב האָבן דעם פרידן און פײַנט האָבן מלחמה. „איך וועל דעריבער אויפבויען אַ הויז פאַר גאָט, אַ בית המקדש, וואוהין דאָס פאָלק וועט קומען בעטן און זיך לערנען ליב האָבן דעם שלום״, האָט דער יונגער קיניג געטראַכט. און אינגיכן האָט ער טאַקע אַזוי געטאָן.

# דער ווינט וואָס איז געווען אַ פֿרײַנד פֿון ייִדן

(אַ פּורים־מעשׂה)

אַז די באַבּליאַנער האָבּן פֿאַרנומען ירושלים האָבּן זיי באַגאַסן מיט אייל דעם הייליקן טעמפּל און אים אָנגעצונדן. האָט אַ ווינט געיאָגט, געטריבּן די פֿלאַמען, מיט זײַן גאַנצער מאַכט זיך באַמיט אויסצולעשן דאָס פֿײַער. דאָס איז געווען דער זעלבּער ווינט וואָס פֿלעגט אַ מאָל אויפֿוועקן דעם קעניג דוד פֿון שלאָף דורך באַוועגן די סטרונעס פֿון זײַן האַרפֿע...

אָבּער די פֿלאַמען זײַנען געוואָרן שטאַרקער, דרײַסטער. „ווי אַזוי וואַגט איר צו צעשטערן גאָטס הויז?", האָט געשריגן דער ווינט.

די פֿלאַמען האָבּן ציניש געלאַכט. ס'האָט נישט לאַנג גענומען און דער בּית־המקדש איז פֿאַרבּרענט געוואָרן. האָט דער ווינט געיאָגט דורך אַש און רויך און גע־קלאָגט: „גאָט, דײַן הויז ליגט פֿאַרבּרענט. וואָס זאָל איך איצט טאָן?"

„באַגלייט די פֿאַרטריבּענע ייִדן קיין באַבּליאָן (בּבל)", האָט גאָט געענטפֿערט.

האָט דער ווינט געטריבּן דעם שטויבּ וואָס איז געהאָנגען איבּער די וואַנ־דערער און אין הייסע טעג געבּלאָזן אויף זיי קיל.

* * *

יאָרן זײַנען פֿאַרבּײַ. די באַבּליאַנער זײַנען געוואָרן שוואַך און די פּערסיער האָבּן פֿאַרנומען זייער לאַנד. איין נאַכט האָט דער פּערסישער קעניג אַחשוורוש נישט געקענט אײַנשלאָפֿן. „איך פֿאַרבּרענג די צײַט אויף גרויסע מאָלצײַטן און ווייס אָפּילו נישט וואָס קומט פֿאָר אין לאַנד. מײַן ראַטגעבּער המן האָט אויפֿגעהערט זיך צו באַראָטן מיט מיר וועגן וויכטיקע ענינים", האָט דער קעניג אַחשוורוש געטראַכט און זיך געהייסן בּרענגען דעם געדענקעניש־בּוך וואו ס'ווערן אײַנגעשריבּן די וויכ־טיקסטע געשעענישן.

דער מאַן וואָס האָט באַדינט דעם קעניג איז געווען אַ פֿאַרערער פֿון ייִדן־פֿײַנט המן. אַז אַחשוורוש האָט אים געהייסן פֿאַרלייענען פֿונעם געדענקעניש־בּוך האָט ער אויפֿגעמישט אַ בּלאַט וואו ס'ווערט דערציילט אַז המן איז קלוג און העלדיש. דער דינער האָט קוים אָנגעהויבּן לייענען ווי דער וואונדערלעכער ווינט איז אַרײַן אין פּאַלאַץ און אַ בּלאָז געטאָן אויפֿ'ן בּוך. די בּלעטער האָבּן זיך אַ מיש געטאָן. די בּלאַט וואָס דערציילט וועגן המן איז פֿאַרשוואונדן, דאַקעגן איז אויבּנאויף געלעגן די בּלאַט וועלכע דערציילט וועגן דעם ייִד מרדכי און זײַן טרײַשאַפֿט צום לאַנד און

קעניג. דער דינער איז געווען געפּלעפּט. „ווי לאַנג באַדאַרף איך עס וואַרטן אויף דײַן לייענען?״, האָט דער קעניג געצאַרנט.

„זײַט מוחל, קעניג״, האָט דער דינער געשטאַמלט און מיט אַ שטילע, אומ־דרײַסטע שטימע פאַרגעלייענט ווי דער ייִד מרדכי האָט געראַטעוועט דעם קעניג פון טויט. אַחשוורוש האָט זיך נײַגעריק צוגעהערט צו יעדן וואָרט און לאַנג גע־טראַכט וועגן דעם גוטן ייִד און ליבן מענטש מרדכי.

האָט דאַן פּאַסירט אַז המן און זײַנע פאַרהערער האָבן זיך געגרייט צו פאַר־ניכטן די ייִדן אין פּערסיע. אָבער אַ דאַנק דעם וואונדערלעכן ווינט, דעם איבער־געגעבענעם ייִד מרדכי און דער קעניגין אסתּר איז דער קעניג געווען אויף דער זײַט פֿון די ייִדן. המן און זײַנע פאַרערער זײַנען אומגעקומען.

זינט דאַן פײַערן מיר דעם פריילעכן יום־טוב פּורים.

# הערשעלע׳ס חלום

הערשעלע איז געווען אַ תּלמיד אין דריטן קלאַס, אין דער ייִדישער שול. אַ פּרײַנדלעכער, אַ לעבעדיקער, מיט רויטע, שמייכלענדיקע בעקעלעך און ברוינע אויגן. איז ער געווען באַליבט פון אַלעמען אין קלאַס. די תּלמידים האָבן זיך גערן געחברט מיט אים און אים פאַרבעטן אין אַלע שפּילערײַען. נאָר איין שוואַכקײַט האָט הערשעלע געהאַט: ער פלעגט רעדן אינדערמיט פון די לעקציעס. גערעדט האָט ער גיך־גיך, געוואָלט וואָס מער ווערטער אַרויסרעדן און בײַם רעדן האָבן זײַנע אויגן געבלישטשעט ווי פײַערלעך. וואָס צו דערציילן האָט ער שטענדיק געהאַט. איינ־מאָל האָט ער דערציילט וועגן אַ חיה וואָס איז אַנטלאָפן פון זו, אַן אַנדערש מאָל — וועגן אַ קליינע באַן אין קאָני אײַלענד וואָס האָט זיך, אַ געפּאַקטע מיט קינדער פאַר־האַקט אין דער הויך און נישט געקאָנט אַראָפּפאָרן אַהין אָדער אַהער. זײַנע שכנים, ברוך, אַ ייִנגל מיט רויטע האָר און בלאַסע באַקן, און דוד, מיט דיקע ברילן אויף אַ פול געזיכט, פלעגן מיט הנאה זיך צוהערן צו הערשעלע׳ס מעשׂות, און דערבײַ נישט אָוועקגענומען די אויגן פון זייערע ביכער.

„הערשעלע!״ — פלעגט דער לערער זאָגן מיט אַ וואַרעמע דאָך מאַנענדיקע שטים. „גענוג גערעדט! קוק אַרײַן אין בוך!״ — הערשעלע פלעגט ענטפערן מיט אַ שולדיקן שמייכל און אַרײַנגעקוקט אין בוך. אָבער אַ מינוט שפּעטער האָט ער שוין ווידער עפּעס דערציילט אויף זײַן שטילן, געשיקטן אופן.

האָט געטראָפן, אַז נישט לאַנג צוריק, האָט דער לערער דערציילט וועגן יונה הנביא. די דערציילונג איז געווען אַזוי אינטערעסאַנט אַז אַלע קינדער זײַנען געזעסן

ווי צוגעשמידט צו זייערע ערטער. זיי האָבן געשלונגען איטלעכס וואָרט. דער איינציקער אין קלאַס וואָס האָט זיך ניט צוגעהערט און גערעדט איז געווען הערשעלע. ווען דער לערער האָט פאַרענדיקט דערציילן האָט ער אַ קוק געטאָן אויף הערשעלע׳ן און געזאָגט: „נו, גוט. איר האָט זיך אַלע גוט צוגעהערט. איצט וועט הערשעלע איבערדערציילן וועגן דעם נביא יונה״. הערשעלע האָט ניט געקענט קוקן דעם לערער גלײַך אין די אויגן. זײַנע רויטע בעקלעך זײַנען געוואָרן נאָך רויטער. ער האָט זיך זייער פאַרשעמט. ער האָט געוואָלט זאָגן דעם לערער אַז ער האָט חרטה און אַז פון הײַנט־אָן וועט ער מער ניט רעדן בײַ די לעקציעס. ס׳האָט אים אָבער פאַרפעלט מוט. אַרום אים האָבן זיך געהערט שטימען: „איך וועל דער־ציילן... איך... איך... לערער... לער...״ דאַסמאָל האָט דער שטענדיק גוט־מוטיקער לערער פאַרלאָרן זײַן געדולד און בייזלעך געזאָגט: „שיין, הערשעלע? ווי קומט עס אַז אַ יינגל זאָל שטענדיק רעדן, האַ? איז דער וואונדערלעכער נביא יונה ניט ווערט אַז דו זאָלסט זיך צוהערן ווען מען דערציילט וועגן אים?!״

אין קלאַסצימער איז געוואָרן גאָר שטיל, גלײַך ווי אַלע קינדער וואָלטן זיך געפילט שולדיק. די שטילקײַט איז שווער געלעגן אויף הערשעלע׳ן. ענדלעך האָט דער לערער געהייסן עמעצן דערציילן און הערשעלע האָט דערפילט ווי מען וואָלט פון אים אַראָפּגענומען אַ לאַסט. נאָך דער לעקציע האָט הערשעלע זיך ניט געפילט ווי אַלעמאָל. ער איז ניט געווען שטיפעריש און פריילעך ווי געוויינלעך, אַ מידקײַט איז געלעגן אויף זײַנע באַקן. אומזיסט האָט ברוך זיך באַמיט אים צורעדן אַז ער זאָל אָנטייל נעמען אין אַ שפּיל. הערשעלע איז אַוועק אַהיים, גיך אָפּגעגעסן און נאָכן מאַכן די היים־אַרבעט האָט ער זיך געלייגט אין בעט אַרײַן. אין שלאָף האָט הערשעלע זיך געזען ווי ער שווימט אין ים, לעבן דעם קאָני אײַלענד־ברעג. ער איז געשטאַנען אין פלאַכן וואַסער און מיט פאַרגעניגן געקוקט ווי די כוואַליעס יאָגן זיך, פאַרלויפן איינע די אַנדערע דעם וועג. מיטאַמאָל איז דערשינען אַ ריזיקער פיש און איידער וואָס און ווען האָט ער אים אײַנגעשלונגען. הערשעלע׳ן איז באַפאַלן אַ שרעק. ער האָט געוואָלט שרײַען, רופן, אָבער פון שרעק האָט ער ניט געקענט עפענען דאָס מויל. הערשעלע איז געלעגן אײַנגעקנוילט אין בויך פון פיש, וואָס איז שנעל אַוועקגעשוואומען פון ברעג. „איך בין אַ פאַרלוירענער... כ׳וועל שוין קיינ־מאָל ניט אַרויס פון פישס בויך... קיינמאָל... נאָר איין מענטש האָט זיך געראַ־טעוועט — דער נביא יונה, נאָר ער אַליין...״ — האָט הערשעלע פאַרצווייפלט גע־טראַכט. „און איך בין אַפילו ניט געווען נײַגעריק צו וויסן וויאַזוי ער האָט זיך געראַ־טעוועט...

אין דעם איז ליכטיק געוואָרן אין בויך פון פיש. אַ מאַן מיט אַ ווײַסער, זילבער־נער באָרד און בלויע, מילדע אויגן איז געזעסן פאַר הערשעלע׳ן מיט אַ שטעקן אין זײַן רעכטער האַנט. „פונוואַנען נעמט זיך דער אַלטער מאַן אין בויך פון פיש?״ — האָט ער זיך געפרעגט.

פלוצעם האָט זיך דערהערט אַ ווייכע שטים. דאָס האָט דער אַלטער מאַן מיטן פֿאַסטעך־שטעקן גערעדט: — „האָב ניט קיין מורא, מײַן קינד. דאָס בין איך דער נביא יונה, וועגן מיר האָט דער לערער הײַנט דערציילט אין שול. אויך מיך האָט אײַנגעשלונגען דער ריזיקער פיש... און דאָך האָב איך ניט געהאַט קיין מורא, ווײַל איך האָב זיך פֿאַרלאָזט אויף גאָט״.

הערשעלע האָט זיך געשראָקן אַז דער נביא יונה וועט אים פֿרעגן וואָס ער ווייסט וועגן אים. דער נביא האָט אים אָנגעקוקט מיט זײַנע גוטע, קלוגע אויגן און געזאָגט: „אַ פֿײַן ייִנגל ווי דו טאָר ניט רעדן אין מיטן פֿון דער לעקציע. אַ ייִנגל ווי דו באַדאַרף זיך לערנען גוט!״

— „נביא יונה!... כ׳וועל אַלצדינג טאָן! אַלצדינג! פֿון הײַנט־אָן וועל איך זיך לערנען גוט און ניט רעדן״ — האָט הערשעלע זיך געבעטן. דער נביא האָט אַ קוש געטאָן הערשעלע׳ן אויפֿ׳ן שטערן, געגלעט זײַנע האָר און געזאָגט: „איך וועל לאָזן וויסן דעם פיש אַז ער זאָל דיך צוריקברענגען צום זעלביקן אָרט וואו ער האָט דיך אײַנגעשלונגען״. און ווי־נאָר דער נביא האָט פֿאַרענדיקט דעם זאַץ האָט דער ריזיקער פיש זיך האַסטיק פֿאַרקערעוועט אויף צוריק אַזש ביידע זײַנען געפֿאַלן פֿון זייערע ערטער.

„מאַמע! טאַטע! יונה הנביא... דער פיש...״ האָט הערשעלע אַ באַגאַסענער מיט שווייס אויסגערופֿן נאָכן אויפֿכאַפּן זיך. טאַטע־מאַמע זײַנען צו צום בעט און מיט זאָרג געפֿרעגט הערשעלע׳ן: „וואָס איז דיר, קינד? ׳ווער איז יונה?׳ וואָס עפּעס אַ פיש?״ מיט אַן אומרואיקע שטים וואָס האָט זיך געבראָכן פֿון אויפֿרעגונג האָט הערשעלע דערציילט דעם חלום.

# די רעדער

דער פֿאַרמער רפֿאל האָט געהאַט אַ הויכע, שיינע בריטשקע, צו וועלכער ס׳איז געווען געשפּאַנט אַ שטאַרק, פֿלינק פֿערד. די פּויערים פֿון דאָרף האָבן מיט הנאה געקוקט ווי רפֿאל׳ס פֿערד טראָגט זיך גיך אויפֿן וועג און זיי האָבן געזאָגט: „אַן אַדלער און נישט קיין פֿערד, און די בריטשקע איז דער שענסטער וואָגן אין דאָרף״.

דאָס פֿערד און די בריטשקע האָבן זיך געפֿילט געשמייכלט. ס׳האָט זיי הנאה געטאָן וואָס די דאָרף־אײַנוואוינער האָבן אַ הויכע מיינונג וועגן זיי. אָבער די רעדער האָבן זיך געפֿילט געקריוודעט. זי האָבן פֿײַנט געקראָגן דאָס פֿערד און די בריטשקע פֿון וועלכע זיי זײַנען געווען אַ טייל, און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: „דאָס גאַנצע דאָרף לויבט דאָס פֿערד און די בריטשקע אָבער וועגן אונדז, די רעדער, האָט נאָך קיינער ניט געזאָגט קיין גוט וואָרט. ווייסן דען ניט די מענטשן

אַז אַן אונדז וואַלט די ברִיטשקע זיך ניט גערירט פון אָרט? זײַנען זיי ניט גענוג קלוג צו פאַרשטיין אַזאַ איינפאַכע זאַך? אויב אַזוי לאָמיר זיי ווײַזן אונדזער מאַכט!״ און זיי האָבן באַשלאָסן זיך צו דרייען פאַמעלעך.

האָט פאַסירט אַז דער פּאַרמער האָט באַדאַרפט זייער נייטיק פאָרן אין שטאָט אַרײַן. ער איז געוועזן קראַנק און האָט זיך געוואָלט באַראָטן מיט אַ דאָקטער. האָט ער אויף גיך אײַנגעשפּאַנט דאָס שטאַרקע, פלינקע פערד צו דער ברִיטשקע און — ״וויאָ!״ האָט שאַרף אַ קנאַק געטאָן די בײַטש. ״יאָ — יאָ!״ — האָט דאָס פערד תּיכּף געענטפערט און גענומען אַ לויף טאָן פאָרויס. אָבער די רעדער האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט. ״גיך!״ האָט מיט וואָרנונג אַ געשריי געטאָן די בײַטש.

״האָט ניט קיין מורא פאַר דער בײַטש!..״ האָט אַ ראָד אויסגערופן. ״די בײַטש קען אונדז גאָרניט טאָן!״... האָט אַ צווייטע שטים געזאָגט. ״פאַמעלעך!... פאַמע־לעך!...״ האָט אַן אַנדער ראָד געענטפערט. ״צוזאַמען זײַנען מיר אַ מאַכט!״... האָט דאָס פערטע ראָד געטענהט.

דאָס פערד האָט זיך בייז צעהירזשעט: ״שעמען מעגט איר זיך! דער אַלטער פּאַרמער איז קראַנק און ער באַדאַרף זען אַ דאָקטער און איר באַוועגט זיך קוים. גיכער!״

״נאַריש באַשעפעניש! פאַרנעם זיך מיט דײַנע פערדישע ענינים און לאָז אונדז צורו!״ — האָבן די רעדער געענטפערט. און אויפ׳ן גאַנצן וועג וואָס האָט געפירט צום דאָקטערס הויז האָבן זיי זיך געדרייט פאַמעלעך.

נאָכדעם ווי רפאל איז ענדלעך געקומען צום דאָקטער און זיך מיט אים באַראָטן וועגן זײַן געזונט, איז ער פאַרפאָרן צום סטעלמאַך. ״לעצטנס בין איך קראַנק און איך פאַרנאַכלעסיק מײַן ווירטשאַפט. מן הסתּם דערפאַר שלעפּט זיך אַזוי לאַנגזאַם מײַן ברִיטשקע״. — האָט דער פּאַרמער געזאָגט.

דער סטעלמאַך האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן פערד, באַטראַכט די ברִיטשקע און אַ זאָג געטאָן: ״דאָס פערד און די ברִיטשקע זײַנען אין אַ גוטן צושטאַנד נאָר די רעדער טויגן ניט. דאַרפסט נײַע רעדער, רפאל״.

דער פּאַרמער האָט געהייסן אַראָפּנעמען די אַלטע רעדער און אַרײַנשטעלן נײַע. ביזן הײַנטיקן טאָג ליגן די אַלטע רעדער אין אַ ווינקל פון סטעלמאַכס וואַר־שטאָט און די ברִיטשקע פאָרט גיך און לײַכט אויף נײַע רעדער.

# דאָס טײַכל און די אָזערע

אַ טײַכל איז געלאָפן דורך פעלדער און וועלדער און געזוכט דעם ים. די טעג זײַנען געווען הייסע. די זון האָט געברענט און דאָס טײַכל איז געווען שוואַך און שמאָל. דאָך האָט עס ניט פאַרלאָרן דעם מוט. ווען מען נאָר ס׳האָט באַגעגנט האָט עס געפרעגט צי ר׳האָט ווען געזען דעם ים און ווי אַזוי מע קומט צו אים וואָס גיכער.

אַ פוקס האָט נאָכן נעמען אַ טרונק וואַסער פאַרזיכערט אַז דער ים איז גאָר נאָענט. מע דאַרף נאָר אַדורכשנײַדן דאָס וועלדל וואָס אויפן האָריזאָנט און שוין באַגעגנט מען זיך מיטן ימס גרינע, ריזיקע כוואַליעס.

די וואַסער־מיל ווידער האָט געזאָגט, אַז סך־הכל נעמט אַ טאָג און אַ נאַכט דער וועג, נאָר מ׳דאַרף זיך לאָזן פּאַזע די גראַניטענע בערגלעך וואָס זעען אויס קעגן דער זון ווי שטיקער צוקער.

אַ שוואַלב וואָס איז מערערע מאָל געפלויגן איבערן ים און איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער געגנט האָט דערקלערט, אַז ס׳וועט נעמען אַן ערך צען טעג אים צו דערגרייכן.

איז דאָס טײַכל געלאָפן הענדום־פּענדום איבער ערד, זאַמד, שטיינדלעך, גראָז און מאָך. ענדלעך איז עס געקומען צו אַן אָזערע און מיד געזאָגט: „טײַערע, אפשר ווייסטו וואו דער ים איז? שוין עטלעכע טעג ווי איך זוך אים אַרום און קען אים ניט געפינען״.

די אָזערע האָט אַ סך געהאַלטן פון זיך. זי האָט געגלויבט אַז זי איז דער גרעס־טער און טיפסטער ים אין דער וועלט. קיין וואונדער ניט וואָס די געסט פון נאָענטן האָטעל פאָטאָגראַפירן זי און באָדן זיך אין איר וואַסער. מיט שטאָלץ פלעגט די אָזערע רופן די צוויי פוס־לאַנגע פיש — אַ העכט און אַ קאַרפּ — די גרעסטע צווישן אירע באַשעפענישן — „הײַפיש״ און „וואַלפיש״. האָט זי גאַוהדיק געענט־פערט: „דײַן מי איז ניט אומזיסט, אָרעם וואַסערל. האָסט געטראָפן! דאָס בין איך דער ים. איך זע ווי מיד און קליין דו ביסט! אָבער זאָרג ניט! בײַ מיר וועט דיר זײַן גוט. וועסט זיך אויסרוען אויף מײַנע גרויסע וואַסערן וויפל נאָר ס׳וועט דיר גלוסטן״. נאָך דער קורצער, פרײַנדלעכער רעדע האָט די אָזערע פאַרגעשטעלט דאָס טײַכל פאַר דעם „הײַפיש״ און „וואַלפיש״ און פאַר די שיפלעך, וועלכע זי האָט גערופן „שיפן״.

דאָס טײַכל האָט מיט אַ מאָל דער־פילט ווי דאַנקבאַר עס איז. אַזוי פיל גוטס האָט עס נאָך קיין מאָל ניט דערפאַרן. ס׳האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געקענט. ס׳האָט געטראַכט וועגן די וואַנדערונגען איבער שטיינער, מאָך, גראָז און זאַמד, קאַלטע נעכט און הייסע טעג און האָט געקוואָלן פון גליק. ביז הײַנטיקן טאָג רופט

דאָס טײַכל די אַזערע „ים" און די אַזערע רופֿט דאָס טײַכל „וואַסערל". ביידע זײַנען גליקלעך.

# אַ בלאַט אויף אַ בוים

אויפֿן סאַמע שפּיץ פֿון אַ בוים וואָס איז געווען העכער פֿון אַלעביימער אין גאָרטן איז געוואַקסן אַן אומגעווייינלעך גרויס און שיין בלאַט. געווען איז דאָס בלאַט גרעסער און שענער ניט נאָר פֿון די בלעטער אויפֿן בוים נאָר אויך פֿון אַלע בלעטער אויף די אַנדערע ביימער. די זון האָט געשפּרייט אירע גאָלדענע שטראַלן, געוואַרעמט און געמונטערט צום וואַקסן; די ביימער און קוסטעס, בלומען און גראָזן. טיילמאָל פֿלעגט דער הימל זיך באַדעקן מיט ווײַסע, זומערדיקע וואָלקנס און אַ רעגן האָט אָפּגעפֿרישט דעם גאָרטן. מיט יעדן טאָג איז דאָס בלאַט געוואָרן גרעסער און שטאַרקער און זײַן פֿלאַך האָט געלויכטן קעגן דער זון מיט אַ ווייכן גלאַנץ. די קליינע בלעטער, די שוועסטער און ברידער פֿון דעם גרויסן בלאַט, האָבן מיט פֿרייד אַרויפֿגעקוקט צום שפּיץ בוים און געזאָגט: „מיר זײַנען שטאָלץ וואָס אונדזערס אַ בלאַט איז אַזוי שיין און גרויס, אַ מוסטער פֿאַר די בלעטער פֿון גאַנצן גאָרטן". און פֿון גרויס שׂמחה האָבן זיי געטאַנצט אין לײַכטן ווינט.

אָבער דאָס בלאַט האָט ניט ליב געהאַט זײַנע שוועסטער און ברידער. ער האָט זיי געהאַלטן פֿאַר צו קליין און ניט גענוג שיין און ניט געוואָלט מיט זיי רעדן. די איינציקע וועמען דאָס בלאַט האָט ליב געהאַט זײַנען געווען די בלומען און רויזן, — באַקאַנט אין גאַנצן גאָרטן פֿאַר זייער שיינקײַט. אָבער גאָר פֿאַרליבט איז דאָס בלאַט געווען אין דער יונגער רויז וואָס איז געוואַקסן לעבן בוים. איינמאָל האָט דאָס בלאַט געזאָגט צו די בלעטער:

— „אמת, איר זײַט מײַנע שוועסטער און ברידער, אָבער קיין ליבשאַפֿט צו אײַך פֿיל איך ניט, וואָרעם איך בין שיין און גרויס און איר זײַט קליין און מיאוס. איך געהער זיך אָן מיט די בלומען און רויזן, צו זיי ציט מיך מער ווי צו אײַך. בײַ דער געלעגנהײַט וועל איך אײַך אויסזאָגן אַ סוד: כ'בין פֿאַרליבט אין דער רויז וואָס וואַקסט לעבן אונדזער בוים. אַ שאָד וואָס זי איז צו יונג און ניט גענוג הויך. ווי נאָר זי וועט ווערן גרעסער וועלן מיר חתונה האָבן".

„— ניט אמת! מיר וועלן ניט חתונה האָבן! דער בלויער שמעטערלינג האָט מיך ליב און איך — אים אויך, — האָט אויסגערופֿן די יונגע רויז, אַ נויג געטאָן איר שיינעם, גאָלדענעם קאָפּ קעגן ווינט און בייזלעך צוגעגעבן: — ווי קומט אַ בלאַט צו רויזן? אַ בלאַט געהערט צווישן בלעטער!"

עטלעכע טעג נאָכדעם האָט אַ שטאַרקער ווינט זיך דורכגעטראָגן דורכן גאָרטן און דאָס גרויסע, שיינע בלאַט איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

„— ווי שיקט זיך עס, אַז אַ בלאַט ווי דו זאָל אַראָפּפאַלן פון בוים? — האָבן געפרעגט די גראָזן. דאָס בלאַט האָט זיך אַ רגע פאַרטראַכט און געענטפערט: — גאָר פשוט. כ׳בין אַזוי שטאַרק פאַרליבט אין דער רויז אַז כ׳האָב מער ניט געקענט פאַרבלײַבן אויפן שפּיץ בוים. כ׳האָב געמוזט זײַן נאָענט פון מײַן געליבטער.

— וואָס פאַר אַ גרויס, שיין בלאַט . . . ס׳אַראַ מערקווירדיקער עקזעמפּלאַר! — האָט געזאָגט אַ מאַן וואָס איז אין דעם מאָמענט אָנגעקומען און דערזען דאָס בלאַט. ער האָט עס אויפגעהויבן פון דער ערד, צוגעטראָגן צו די אומרואיקע, פײַכטע אויגן אונטער זײַנע שפּאַקולן און אין באַוואונדערונג געמורמלט: „וואָס פאַר אַ שיין בלאַט״ . . . ער האָט געגעבן אַ בלאָסן שמייכל און אין אַ גוטער שטימונג אַוועק אַהיים. „מאָרגן וועל איך האָבן אַ גוטע לעקציע מיט מײַן קלאַס וועגן דעם־אַ בלאַט״, — האָט ער געזאָגט צו זײַן פרוי בײַם אַרײַנגיין אין הויז און ער האָט אַרײַנגעשטעלט דאָס בלאַט אין אַ פלאַש פול מיט וואַסער. פון דעם איז געוועזן קלאָר, אַז דער מאַן מיט די אומרואיקע, פײַכטע אויגן אונטער די שפּאַקולן איז געוועזן אַ לערער פון ביאָלאָגיע.

צומאָרגנס האָט דער לערער גענומען מיט זיך דאָס בלאַט אין שול אַרײַן. ער האָט דערציילט די קינדער ווי אַזוי ער האָט עס געפונען און געגעבן אַ לעקציע וועגן בלעטער. נאָכדעם האָט ער פון אַ שענקעלע אַרויסגענומען אַ פאַרגרעסער־גלאָז און געהייסן די תלמידים קוקן דורך דעם גלאָז אויף די צעלן און נערוון פון דעם בלאַט. „נישט אומזיסט קוקן זיך אַלע אײַן אין מיר. ס׳איז קלאָר אַז יעדער איינער וואָס זעט מיך מוז מיך ליב האָבן. נאָר אַ שאָד וואָס די רויז געפינט זיך נישט דאָ. וואָלט זי געזען ווי פּאָפּולער איך בין, וואָלט זי געהאַט אַן אַנדערע מיינונג וועגן מיר״, האָט דאָס בלאַט געטראַכט.

אין דעם האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון אַ גלעקל. די לעקציע האָט זיך געענדיקט און די קינדער זײַנען געגאַנגען אַהיים. דער לערער פון ביאָלאָגיע האָט מיט זיין קליינער, וואַרעמער האַנט גענומען דאָס בלאַט אין שול־אָפּיס אַרײַן. אַ רגע האָט ער געמישט די זײַטלעך פון אַ פלאַנצן־העפט און אויף אַ בלאַנק, ווײַס זײַטל אַרויפגעלייגט דאָס גרויסע, שיינע בלאַט און עס צוגעפּעסטיקט צום פּאַפּיר. איבער דעם בלאַט האָט ער מיט לאַנגזאַמע, קאַליגראַפישע אותיות אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער אין דער שווערער, לאַטײַנישער שפּראַך און אומגעאײַלט צוגעמאַכט דעם פלאַנצן־העפט. —

אין דער טונקלקײַט האָט דאָס בלאַט געטראַכט ווי גוט ס׳איז אים געווען אויפן בוים אין דער געזעלשאַפט פון זײַנע שוועסטער און ברידער — בלעטער, און ווי די זון האָט אויף אים געשײַנט בײַטאָג און די לבנה און די שטערן — בײַנאַכט.

# די פּאַפּירענע שלאַנג

1

די פּאַפּירענע שלאַנג האָט פלינק געפלאַטערט אין פרילינג־ווינטל. אַ גאָל־דענע זון האָט געוואַרעמט און די פּאַפּירענע שלאַנג איז געווען אין אַ מונטערער, פריילעכער שטימונג. זי האָט הויך אַ פלאַטער געטאָן, אַראָפּגעקוקט אויף גאַסן און הײַזער, מענטשן און ביימער און מיט שטאָלץ געטראַכט: „ווער קאָן זיך אויפהויבן אַזוי הויך ווי איך? און ווער נאָך קאָן פלאַטערן אַזוי פלינק ווי איך?!״ —

די פּאַפּירענע שלאַנג האָט הנאהדיק אײַנגעאָטעמט דעם גוטן ריח פון בליעכץ וואָס האָט זיך געטראָגן פון גאָרטן, וואו איר קליינער אייגנטימער, דאָס יינגל דוד, איז געשטאַנען מיטן עק פון דעם שנור אין האַנט. אַ מילד, וואַרעם ווינטל האָט זי געלאַשטשעט, געגלעט... זי איז געווען גליקלעך. און אין איר גליק האָט זי זיך דערמאָנט אירע פרײַנד און באַקאַנטע וואָס זײַנען ווייניקער מזלדיק פון איר. אַן ערנסטע האָט זי געטראַכט:

„דער גורל פון מײַנע גוטע פרײַנד רירט מיך. אַ שטייגער, די גרויסע פּעק ווײַס פּאַפּיר אין געשעפט. מיר זײַנען געווען נאָענטע שכנים און גוטע פרײַנד, זיך דער־ציילט איינער דעם אַנדערן אינטערעסאַנטע פּאַסירונגען און באַנאַנד האָבן מיר גע־חלומט וועגן בעסערע טעג. אין איר פאַנטאַזיע האָט זי געזען דאָס פּאַפּיר־געשעפט וואָס איז געווען פול מיט פּאַק־פּאַפּירן, בויגנס צום צייכנען און שרײַב־מאַטעריאַלן. זי האָט געזען דעם ענגן קאַסטן אין וועלכן זי האָט געוואוינט מיט אירע שוועס־טער, פּאַפּירענע שלאַנגען. אַלע אײַנוואוינער אין געשעפט האָבן זיך באַצויגן מיט דרך ארץ צו די פּעק ווײַס, דין, פּאַפּיר ווײַל דער רעדאַקטאָר פון דער שטעטל־דיקער צײַטונג פלעגט זיי קויפן. נײַעסן פון דער גאַנצער וועלט און אַרטיקלען ווערן געדרוקט אויפן דינעם פּאַפּיר און מענטשן קויפן גערן די גלײַך־געשניטענע בויגנס וועלכע מען רופט „צײַטונגען״. די מענטשן האַלטן די „צײַטונגען״ נאָענט צו די אויגן, זיי לייענען די טויזנטער דריבנע און גרויסע ווערטער וואָס זײַנען געדרוקט אויפן פּאַפּיר. אַ דאַנק די צײַטונגען ווערן די לייענערס געוואויר די נײַעסן און פּאַסירונגען פון דער גאַנצער וועלט. אָבער אַזוי גיך ווי מען לייענט זיי איבער — וואָס ווערט פון די צײַטונגען?! מען וואַרפט זיי אין פײַער אַרײַן אָדער מען לאָזט זיי זיך וואַלגערן אין גאַס צי אין פעלד, צעקנייטשטע, צעריסענע״———

די פּאַפּירענע שלאַנג האָט פון פאַרדרוס אויפגעציטערט, אַ יאָג געטאָן אין אַ האַלבן קרײַז און אויסגערופן:

— „ס׳אַראַ גליק וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אַ פּאַפּירענע שלאַנג און ניט קיין צײַטונג! ס׳אַראַ גליק״ —

2

הויך אין הימל האָט געשוועבט אַ זילבער־ווײַסער וואָלקן. די פּאַפּירענע שלאַנג וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געפלאַטערט, האָט נײַגעריק און מיט צופרידנקײַט זיך אײַנגעקוקט אין שיינעם וואָלקן. נאָר באַלד האָט אַ טיפע קנאה זי אַרומגענומען. זי האָט בייז געמורמלט: — „איך בין גאָרניט אַזוי גליקלעך ווי איך האָב געמיינט. כ׳האָב זיך אָפּגענאַרט! גליקלעך איז דער גרויסער, שיינער וואָלקן וואָס וואַנדערט אין די ווײַטקײַטן. ווי אינטערעסאַנט איז זײַן לעבן! דודס מעשׂה־ביכל האָט מיר דערציילט אַז וואָלקנס וואַנדערן צום ווײַטן ים. זיי וואַנדערן, איבער דערפער און שטעט, פעלדער און וועלדער, טײַכן און אָזערעס. דאַן — איבערן אומענדלעכן ים! און פון דער הייך זעען זיי שיפן מיט הויכע שטאָלצע מאַסטן, מיט פענער פון פאַרשידענע פעלקער, אין פאַרשידענע קאָלירן״———

די פּאַפּירענע שלאַנג האָט אַ קוק געטאָן אויף די גאַסן און הײַזער. דאָס שטעטל האָט איצט אויסגעזען קליין און גרוי. „הײַנט די קוימענס!״ האָט זי צאָרנדיק געמורמלט צו אַ ווינטל:

— „אַ גרויער רויך שלענגלט זיך פון זיי אָן אויפהער און לאָזט ניט געניסן פון דער ריינער פרילינג־לופט. און דער קוימען אויפן דאַך פון דער בעקערײַ איז אַזש שוואַרץ פון רויך״ —

„ניין! איך געהער ניט דאָ! מײַן אָרט איז לעבן וואָלקן וואָס וואַנדערט צום ים!״ — האָט זי אויסגערופן און מיטן גאַנצן כּוח זיך אַ ריס געטאָן מיטן ווינט. דער דינער שנור האָט געפּלאַצט און די פּאַפּירענע שלאַנג איז אַ קורצע ווײַלע געפלויגן הויך, הויך. נאָר באַלד האָט זי אָנגעהויבן אַרונטערפאַלן. פון שרעק האָט זי געחלשט. ווען זי איז געקומען צו זיך האָט זי זיך דערזען אויפן דאַך פון דער בעקערײַ, האַרט לעבן טונקעלסטן קוימען אין שטעטל.

— „זע, ווער ס׳איז געקומען אונדז באַזוכן?! די פּאַפּירענע שלאַנג איז אויף אונדזער דאַך!״ — האָבן עטלעכע גאָלדענע פונקען פריילעך אויסגערופן. דער רויך האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט, זיך פאַרדרייט אין אַ געדיכטן קנויל און אַוועק אין אַ זײַט.

אַוונט־צײַט איז געפאַלן אַ רעגן און די פּאַפּירענע שלאַנג איז אַ דורכ־געווייקטע אַראָפּגעפאַלן אויפן גאַס.

# דער טײַך און די דאַמבעס

אין די קילע ווינטער־חדשים איז דער טײַך געשווינד געלאָפן דורך פעלדער, וועלדער, און פאַזע דערפער און שטעט. אָבער אַז דער זומער איז געקומען און די זון האָט שטאַרק געוואַרעמט, איז דער טײַך געווען שמאָל און שוואַך. ער האָט זיך דאַן לאַנגזאַם באַוועגט און בייז געקוקט אויף אַלץ און אַלעמען.

„דער הויפּט־שׂונא מײַנער איז די זון און זי איז דאָס שולדיק וואָס מײַנע וואַסערן גייען אײַן און קוים וואָס איך באַוועג זיך. אָבער די זון איז זייער שטאַרק. ווער וויל זיך עס קריגן מיט איר?״ האָט דער טײַך געטראַכט און אויסגעלאָזט דעם כּעס אויף די דאַמבעס וואָס זײַנען געלעגן אויף זײַנע ברעגן און געהאַלטן די וואַסערן אין צוים.

„ווען נישט איר וואָלט איך געווען אַ ריזיקער טײַך און אַלע מענטשן, פייגל און חיות וואָלטן באַוואונדערט מײַן גרייס און מאַכט. נאָר פון וועגן אײַך בין איך עס אַזוי קליין און שוואַך״, האָט דער טײַך גע׳טענה׳ט.

„דאַרפסט אונדז דאַנקבאַר זײַן. ווען מ׳וואָלט אונדז נישט אַוועקגעשטעלט אויף דײַנע ברעגן וואָלטן דײַנע וואַסערן פאַרפלייצט פעלדער און גערטנער, הײַזער, קראָמען און שולן און מענטשן און אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן וואָלטן דער־טרונקען געוואָרן״, האָבן די דאַמבעס געענטפערט. —

אַז דער זומער איז אַוועק און די רעגנדיקע האַרבסט־טעג זײַנען געקומען איז דער טײַך ווידער געווען ברייט און שטאַרק. ער איז געלאָפן מיט אימפּעט און הויך געשריען: „מיר וואַסערן פאַרטראָגן נישט קיין צוימען. מיר האָבן ליב צו זײַן פרײַ״.

און צו די כוואַליעס האָט דער טײַך גערופן: „די דאַמבעס זײַנען אונדזערע שׂונאים. לאָמיר זיי אומוואַרפן וועלן מיר ווערן אַ פרײַ, גרויס וואַסער!״

„פאַרמעסט זיך נישט קעגן אונדז. מיר זײַנען אײַערע פרײַנט״, האָבן די דאַמבעס זיך געבעטן. אָבער דער טײַך האָט נישט אָפּגעלאָזט און געהעצט די כוואַליעס: „פאָרויס! פרעסט מיט אַלע כּוחות אויף די דאַמבעס ביז זיי וועלן אומפאַלן!״

די כוואַליעס האָבן מיט רעש און פילדער זיך אַ לאָז געטאָן אויף די דאַמבעס און זיי אומגעוואָרפן. אין דעם אויגנבליק האָט דער טײַך מיט אַ גוואַלדיקער מאַכט אַ גאָס געטאָן און פאַרפלייצט די אַרומיקע פעלדער, גערטנער און אַ צאָל הײַזער און שטאָלן פון דערבײַאיקן דאָרף. צום גליק זײַנען קיין מענטשלעכע קרבנות נישט געווען, אָבער אייניקע שטוב־חיות זיינען אומגעקומען.

„זע וואָס האָסט אָפּגעטאָן״, האָבן די דאַמבעס געקלאָגט.

דער טײַך האָט טרויעריק געטראַכט און געזאָגט: „איך בין זיך מודה אַז איך

האָב האַסטיק געהאַנדלט. איר דאַמבעס זײַט קלוגער פון מיר . . . אַ שאָד וואָס כ׳האָב זיך נישט צוגעהערט צו אײַך״. —

מיט גרויס מי האָבן די אײַנוואוינער פון דאָרף אַוועקגעשטעלט נײַע דאַמבעס אויף דעם טײַך׳ס ברעגן. דאָסמאָל האָט דער טײַך געלעבט מיט זיי בשלום.

# די פיש און דער רעגנבויגן

פערציק טעג און פערציק נעכט האָט דער רעגן געגאָסן אויף דער ערד. די וואַסערן פון מבול האָבן אַלץ פאַרדעקט, אפילו קיין ברעקעלע ערד האָט מען ניט אַרויסגעזען. מענטשן, חיות, פייגל און ווערעמלעך זײַנען אומגעקומען. אויף די וואַסערן האָט זיך געטראָגן די תיבה אין וועלכער ס׳זײַנען געווען נח און זײַן הויזגעזינד און צו אַ פּאָר פון יעדער סאָרט באַשעפעניש. די וועלט אָן מענטשן, חיות און פייגל האָט אויסגעזען זייער טרויעריק. נאָר די פיש אין די וואַסערן זײַנען געווען פריילעך. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע קעפּ פון וואַסער, מיט פרייד זיך אַרומגעקוקט און געזאָגט איינער צום אַנדערן: „ענדלעך קענען מיר זיך לאָזן וואוילגיין. די שונאים אונדזערע, די מענטשן, זײַנען אַלע אומגעקומען. איצט איז ניטאָ ווער ס׳זאָל אונדז כאַפּן אין נעצן צי דורך אַן אײַזערנעם, שאַרפן האָק״. און די פיש האָבן געשטיפט, געלאַכט, זיך פריילעך אַרומגעיאָגט אין דעם ים וואָס האָט אַרומגענומען די גאַנצע ערד. אָבער אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיי דערזען די תיבה. „וואָס איז דאָס?״ האָבן די קלענערע פיש געפרעגט די עלטערע, מער דערפאַרענע פיש. עטלעכע רגעס האָבן די גרויסע פיש געקוקט מיט אַ פאַרזאָרגטן בליק אויף דער גרויסער תיבה וואָס האָט זיך רואיק געהוידעט אויף די וואַסערן, און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. אויפן באַפעל פון די גרויסע פיש האָט אַ פלי־פיש זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער תיבה און, דורכן איינציקן פענצטערל וואָס איז דאָרט געווען, געזען נחן און זײַן הויזגעזינד. „מענטשן! מענטשן! כ׳האָב מיט מײַנע אייגענע אויגן זיי געזען!״ — האָט דער פלי־פיש אין פאַרצווייפלונג אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פליגל ווען ער האָט דערציילט די טרויעריקע נײַעס צו זײַנע שוועסטער און ברידער.

„איך מוז אײַנבײַסן די תיבה אַזוי, אַז דאָס וואַסער זאָל אַרײַן אינעווייניק און די עטלעכע מענטשן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט זאָלן אומקומען״. — האָט אַ מעכטיקער הײַ־פיש בייז געזאָגט און מיט די שאַרפע ציין גענומען בײַסן דעם ראַנד פון דער תיבה. אָבער אומזיסט! דאָס האָלץ פון דער תיבה איז געווען אַזוי שטאַרק אַז דער מעכטיקער הײַ־פיש האָט עס ניט געקענט אײַנבײַסן.

„ניטאָ קיין שטאַרקערע און שאַרפערע זאַך פון מײַן שווערד! מיט איין זעץ וועל

איך דורכבּרעכן די וואַנט און ס׳וועט אַ סוף נעמען צו די מענטשן!״ — האָט דער שווערד־פיש אויסגערופן און מיט צאָרן און אימפּעט זיך אַ לאָז געטאָן קעגן דער תּיבה: קראַך! האָט אַ הילך געטאָן דעם שווערד־פישס שאַרפע שווערד קעגן דער תּיבה־וואַנט און זיך צעבראָכן אין צווייען. „אַזוי לאַנג ווי די עטלעכע מענטשן בלײַבן לעבן איז ניטאָ קיין זיכערקייט פאַר אונדז, פיש״ — האָט אַ וואַלפיש ביטער געמורמלט. ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אין די טיפענישן און מיט זײַן ריזיקן קערפּער געוואָלט איבערדרייען די תּיבה. אָבער די תּיבה מיט די מענטשן און באַשעפענישן איז געווען זייער גרויס און שווער און האָט זיך אַפילו ניט אַ נויג געטאָן. דער קלוגער אָקטאָפּוס האָט באַרואיקט די געמיטער: „ניטאָ קיין סיבה פאַר זאָרג. פריִער אָדער שפּעטער וועט דאָס געהילץ צעפוילן אין וואַסער און די תּיבה וועט זיך צעפאַלן. וואוהין וועלן דאַן די מענטשן זיך ראַטעווען אַז די גאַנצע וועלט באַשטייט בלויז פון וואַסער און הימל? כאַ־כאַ־כאַ!״ די מיינונג פון אָקטאָפּוס האָט געווירקט און די פיש אַרום אים זײַנען געוואָרן פריילעכער.

איין טאָג האָבן די וואַסערן גענומען אָפּפאַלן און די הויכע בערג־שפּיצן האָבן זיך באַוויזן. אויף איינעם פון זיי האָט געלאַנדעט די תּיבה. הויך אין הימל האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אַ פילפאַרביקער רעגנבויגן. די פיש זײַנען אַרײַן אין אַ פּאַניק: „וואָס באַדײַט דאָס? איז עס מעגלעך אַז די מענטשן וואָס אין דער תּיבה האָבן זיך געראַטעוועט? איז דער מענטש ווידער דער הערשער פון דער וועלט און ניט מיר, די פיש? און וואָס איז עס דער פיל פאַרביקער האַלב־קרײַז אין הימל?״ האָבן זיי געפרעגט מיט אומרואיקע שטימען.

טיף אין ים וואוינט דער לויתן וואָס איז דער גרעסטער און עלטסטער פיש אין דער וועלט ווײַל ער איז באַשאַפן געוואָרן נאָך אין די ששת ימי בראשית — (זעקס טעג פון באַשאַף). צו אים האָבן זיך די פיש אַ לאָז געטאָן נאָך אַן עצה. דער לויתן האָט מיט קלוגע, טרויעריקע אויגן געקוקט אויף זײַנע שוועסטער און ברידער און געזאָגט: „גאָטס ווילן... דער מענטש בלײַבט דער הערשער ניט נאָר אויף דער ערד נאָר אויך איבער אַלע וואַסערן און ימען און מיר, די פיש, מוזן זיך אונטער־וואַרפן זײַן הערשאַפט. און דער שיינער בויגן אין הימל איז אַ צייכן אַז מער וועט קיין מבול ניט זײַן אויף דער ערד״.

זינט דאַן וועלן די פיש זעען אַ רעגנבויגן ווערן זיי טרויעריק. אָבער די מענטשן, סײַ דערוואַקסענע און סײַ קינדער, זײַנען פריילעך ווײַל זיי דערמאָנען זיך אין גאָטס צוזאָג צו נחן